משה סטאַווסקי

# געקליבענע ווערק

צווייטער באַנד

ווילנע — 1931

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

משה סטאַווסקי

# ווען טאָג פאַרגייט

נאָוועלן





ווילנע — 1931

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

שרה-ביילע האָט אַסך קינדער געהאַט אין איר לעבן, געהאַט און באַגראָבן, און אויף דער עלטער האָט זי זיך פלוצים אַרומגעזעען, אַז זי איז געבליבן אָן אַ קדיש.

יונגערהייט קינדלט מען, מאַכט מען אַ ברית, האָדעוועט מען אונטער, מען באַגראָבט, מען זיצט שבעה און מען איז ווייטער מעוברת. און קיינמאָל וועסטו נישט קאָנען גלייך ענט-פערן וויפל עס זענען „דאָ“ און וויפל עס זענען „דאָרט“.

פאַלט אַריין אין האַנט אַ ראש-השנהדיקער מחזור, ווייסט מען, ווען אַ יאָרצייט צו שטעלן — זיי זענען אויף דעם פאָ-דערשטן שער-בלאַט אַלע, און יעדערער באַזונדער אין אַ שורה אויסגעשריבן.

קומט מען אַ נייַ קינד אַ נאָמען געבן, דערמאָנט מען זיך אָן די נעמען, וואָס זענען שוין געווען. שווימט-אַרויף פאַר די אויגן אַן אונטערגעהאָדעוועט מיידל, פון וועלכן מען וואָלט שוין אַ נוץ געהאַט, אַ יינגל, וואָס וואָלט שוין אין חדר געגאַנ-גען. קומען טרערן אין די אויגן און פון די אויגן אויף די באַקן, און מען פאַרגעסט ווידער.

נאָר ווען שרה-ביילע איז צום לעצטן קינד געקומען און האָט זיך מיטאַמאָל אַרומגעזעען, אַז נישט אייביק איז מען אַ יידענע און אַז דער גאַנצער טאַראַראַם, דער הו-הא פון טראָגן,

האָבן און זויגן גייט צו ענדע, האָט זי גענומען אונטערפירן דעם סך-הכּל און אַרויסגעקומען זענען צוועלף: פינף לעבעדיקע און זיבן טויטע — דריי זין מיט צוויי טעכטער „דאָ" און פיר זין מיט דריי טעכטער „דאָרט"...

און די אַלע „דאָיקע" און די אַלע „דאָרטיקע" האָבן זיך פאַר איר אין אַ שורה אויסגעשטעלט, יעדערער לויטן עלטער, אויסזען און גרויס, און יעדערער מיט זיין נאָמען, (אויסער אַ יינגל, וואָס זי האָט געמפּילט און מען ווייסט נישט זיין נאָמען,) און ווי אַלט יעדער איינער וואָלט ערשט געווען, און וואָס פאַר אַ נחת טאַטע-מאַמע וואָלטן פון דעם ערשט געהאַט...

ווייסט אָבער שרה-ביילע, אַז מען טאָר נישט רעדן קעגן כביכולס מעשים, אַז מען דאַרף שטענדיק אָננעמען פאַר ליב זיין גזר און דאַנקען זיין ליבן נאָמען פאַר דער טייערער מתּנה, וואָס ער האָט ביי איר געלאָזן.

גייט מען טאַקע איבער תּוך-כּדי-דיבּור צום איבערגעבליבע-נעם שטיקל פאַרמעגן: זה חלקי מכּל עמלי (שרה-ביילע איז אַ וויל-קענערקע), דערמאָנט מען זיך, ווי מען האָט דאָס ערשטע מאָל אַ יינגל אין חדר געפירט, אַ מיידל אַ צעפּעלע אויסגע-פלאָכטן... און אַז מען זעט פאַר זיך די טאָכטער מיט אַ קינד אויף דער האַנט און דעם עלטערן בחור אין שידוכים שטיין— פאַרשעמט מען זיך, פאַרוואָס מען האַלט נאָך אַליין ביים זויגן אַ קינד... און מען זעט באַשיינפערלעך, אַז דאָס רעדל קאָלערט זיך באַרג-אַראָפּ שוין צו דער צווייטער זייט.

*

שפּעטער, אַז „ער" איז שוין נישט געווען, די עלטערע טאָכטער איז אין אַ קימפּעט, ווי אַ בוים אונטערגעבראָכן גע-וואָרן, און דאָס מוזינקעלע האָט שוין געקאָנט דאָס אַלקערל אויסקערן און אַ לעפל געקעכץ צושטעלן, האָט שרה-ביילע אָנ-געהויבן לענגער אין שולעכל צו פאַרבלייבן, מער אַריינקוקן אין די ספרים אויף עברי-טייטש, אויפזוכן ערגעץ-ווו אַ פאַר-וואַלגערטע תּחינה און וועגן אַלץ וועגן „דאָרט", און אַלץ וועגן דעם,

וואָס „דאָרט" טוט זיך אָפּ... האָט איר אַרומגענומען אַ שרעק, פּאַרוואָס גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן נאָר אויף יסורים. זענען איר אָבער די דריי זין פּלוצים ווי בוימל אויפן וואַסער אַרויפגעשווומען. דריי קדישים אַ גאַנץ יאָר, דריי מאָל טעגלעך, דריי פּרקים משניות צו יעדן יאָרצייט... האָט זי מיט ציטערדי־קע הענט דעם הייליקן ספר פאַרמאַכט און הילכיק אים דריי מאָל אַ קוש געטון און גייענדיק אַהיים אויף אָנבייסן האָט זי דעם גאַנצן וועג פון דעם געטראַכט און דערמאָנט זיך אָן „יע־נע": ווען זיי וואָלטן דאָ געווען! ווערט דאָס געקנייטשטע פּנים מיט גליק באַגאָסן: — זיבן קדישים, זיבן פּרקים משניות, צוועלף יאָרצייטן. זיי וואָלטן דאָך די הימלען איינגעריסן!

נאָר אָפּט, ליגנדיק אויפן געלעגער, קאָן זי נישט איינ־שלאָפן. דאָס אַלקערל איז קליין, מיט ווייניק לופט און דער אָטעם איז קורץ. ליגט מען און מען קלערט — אַלץ וועגן דעם און אַלץ וועגן דעם...

און אַז דער אַלטער קאָפּ דרימלט איין, חלומען זיך איר חלומות, אַזעלכע שווערע, עס זאָל נאָר אויף פּוסטע פעלדער אויסגיין. כאַפּט זי זיך אויף מיט אַ געשריי, באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס, און לויפט אַוועק אינמיטן נאַכט אין שולכל אַריין און וואַרפט ה"י גראָשן אין ר' מאיר־בעל־הנס און לאָזט זיך דעם חלום צום גוטן אויסרעדן, און שפּרעכט אָפּ:

— עס זאָל רוען אויף שטיינער, אויף ביינער און אין אַלע פּוסטע ברונימער.

און פאַסט אַ טאָג און האָפט צו גאָט: ער וועט זי, חלילה, מער נישט שטראָפן.

נאָר אַ מאַמעס האַרץ איז אומרויק.

*

נישט אומזיסט איז אַ מאַמעס האַרץ אומרויק. שרה־ביילע האָט נאָך אין מויל פינף ציין געציילט, דריי אויבן און צוויי אונטן. און דאָ אויף דער ערד איז איר שוין קיין איין קינד נישט געבליבן, יעדן איינעם האָט זי אַליין אין קבר אַריין

באַגלייט מיטן שענסטן און קליגסטן פון מענה-לשון אַרויס. און צען מאָל זיך געשאָלטן, און צען מאָל געפּלוכט, און צען מאָל צען די הויט פון די דאַרע באַקן געצופּט.

און אַוועק איז מען מיט אַ פריש בערגל אויפן הייליקן-אָרט און אַ ניי קבר אין האַרצן; צוועלף קברים, צוועלף יאָר-צייטן צו שטעלן, צוועלף יונגע לעבנס, יעדער איינער מיט זיין נאָמען, גרויס און אויסזען...

קומענדיק אַהיים פון דער לעצטער לוויה, האָט זיך שרה-ביילע מיט דעם קאָפּ אין קישן געוואָרפן און איז אַ נאַכט מיט אַ טאָג אָפּגעלעגן, אַ נאַכט מיט אַ טאָג. מיט צוויי בלאָנקנדיקע ציין, איינער אַן אונטערשטער און איינער אַן אויבערשטער, האָט זי די פינגער געזוכט און אין פינגער געוואָלט אַריינ-בייסן.

און ווען זי האָט דעם צווייטן טאָג דעם קאָפּ פון בעט אויפגעהויבן, איז שוין פאַרנאַכט-צייט געשטאַנען. דער טאָג איז פאַרגאַנגען און אין מוח איז אַ קלאָרער געדאַנק אויפגעגאַנגען... אַ קלאָרער, אַ ליכטיקער, ווי דער ערשטער שטראַל פון אַ זו-מער-מאָרגן — זי וועט אַ קדיש האָבן.

זי וועט אַ קדיש האָבן.

און ווידער האָט זיך דער פאַרטריקנטער דאָרן אינדערפרי און אויף דער נאַכט אין שולעכל און פון שולעכל געצויגן מיטן קרבן-מנחה אין האַנט, און שווערע ברילן אין קרבן-מנחה, מיט אַ קלאָרן, ליכטיקן געדאַנק אין מוח, בית-עולם-רו און מאַמע-ליבש...פּט אין האַרצן...

*

עס איז אויף גאָטס וועלט דער נאָך-פּסח געשטאַנען. ראָ-זע, זאַפּטיקע יונגע פרימאָרגנס; קלאָרע, העל-ליכטיקע טעג, ווי אַ געדאַנק און שטיל-רויקע, אין זיך פאַרשלאָסענע נעכט, ווי דער שלאָף פון אַ מיידל-קינד.

שרה-ביילע איז אויף דער פריזבע פאַרן פענצטער

געזעסן. אין האַנט דער זאַק, אין קאָפּ דער געדאַנק, אין האַרץ די מאַמע-ליבע און האָט איר קדיש געהאָדעוועט.

אינעווייניק אין אַלקער איז שוין דער ייִד געזעסן, וועלכן זי האָט פון דער דערבייאיקער שטאָט געבראַכט, ער זאָל פאַר איר די ספר-תורה צום קדיש אָנשרייבן. אַ גרייז-גרויער ייִד מיט שטילע טויבן-אויגן, אַ טויבן-גאַנג און אַ שטיל רעדן, ווי אַ טויבן-וואָרקן.

ער האָט די גענדזן-פעדער שאַרף געגרייט, פאַרמעט צו יריעה געשניטן, און אַ קדושה-וואָלקן האָט זיך אין צימער און אַרום צימער געטראָגן. תורה-ריינקייט און יחוד-כוונה, מענער-פרישות און מקוה-טבילה.

שרה-ביילע האָט פון דעם טאָג אָן מער די שוועל פון צימער נישט געוואַגט איבערצוטרעטן, נאָר לאַנגע זומער-טעג און פאַרנאַכטן איז זי אויף דער פריזבע געזעסן, דעם זאַק גע-שטריקט און צוגעהערט זיך צום קריצן פון דער פעדער, וואָס האָט זיך פון אינעווייניק מיט אַ שטילער קדושה געטראָגן, זיך צוגעהערט און איר קדיש געהאָדעוועט.

יונגפרוי-צנועהדיק האָט זי אינדערפרי און אויף דער נאַכט דעם ייִדן זיין עסן און דאָס וואַרעמע גלאָז מילך דורכן פענ-צטער דערלאַנגט, אויפן ראַנד פון פענצטער געשטעלט און צו-ריק אויף דער פריזבע איר אָרט פאַרנומען.

אָט איז זי פאַרגאַנגען אין טראָגן. אַ שטיל ראָז גליק האָט זיך ביי איר אויף דעם צעקנייטשטן פּנים אויסגעגאָסן און די פעדער רינצלט און מאַכט פּאַרטיק אַ יריעה נאָך אַ יריעה.

זי האָט פּאָסטופּקעס און פילט אַן איבל אונטערן האַרצן. זי האָט דעם ייִדן די ווייסע זאַקן אונטערגעגעבן.

נאָך אַ יריעה — זי האָט אויסגעטראָגן און גייט צו קינד. און מזל-טוב — זי האָט אַ ייִנגל געבוירן.

נאָך אַ יריעה און זי זויגט דאָס קינד. און האָט אַ טע-לערל זויערמילך מיט פּאָדסמעטאַנקע צום פענצטער דערלאַנגט.

און נאָך אַ יריעה—דאָס קינד זאָגט שוין: טאַטע, מאַמע.

טאָג נאָך טאָג, יריעה נאָך יריעה׳ — דאָס קינד גייט שוין אין חדר. און אָט לערנט עס שוין גמרא. און באַלד ווערט ער בר-מצווה און זי האָט דעם יידן זיין ווייס העמד ערב-שבת אויפן פענצטער געלייגט.

און טאָג נאָך טאָג, נאַכט און טאָג, זומער-ליכט און מאַמע־גליק, קדושה-רו און יינגל-שעם.

דאָס יינגל מאַכט שוין אַ לייענען און אַ לייכטער פון שלאָגט אים אויף דער אויבערשטער ליפּ אַרויס...

נאָך אַ יריעה און דאָס יינגל שטייט שוין מיט לייטן גלייך.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ פאַרבענקטער, שטילער און רייפער אלול. ביי שרה-ביילען זענען אין מויל נאָר דריי ציין געבליבן: צוויי אויבן און איינער אונטן. און דער ספר האַלט שוין צו ענדע.

און שרה-ביילע ברענגט דאָס ערשטע קינד מיט לייטן גלייך...



אַ שמחה כיד המלך. זי האָט די פערל מיטן לעצטן אויער-שויס פאַרזעצט — דעם קינדס שמחה נישט צו פאַרשע־מען. מען האָט כלי-זמר פון שטאָט געבראַכט, סאַרווער מיט סאַרווערקעס, פיש און פלייש, לעקעך און טאָרט, י״ש און י״ג.

נאָך פון דער פרי האָבן זיך יידן צו דער שטוב גע־צויגן. יום-טובדיקע און שבתדיקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט זיידענע גאַרטלען. אין דער מיט דער רב, און אַרום — דיינים און לומדים, שוחטים און שיינע-יידן, גבירים און בעלי-בתים, משניות - לערנער און עין-יעקב-צוהערער, תהילים-יידן, בעלי־מלאכות און טרעגער, ווייבער מיט פּאַרוקעס און טשיפּיקעס, מיט קווייטן און בענדער, זיידענע טיכלעך מיט סאַמעטענע טיזליקעס, און קינדער: חדר-יינגלעך און מיידעלעך מיט צעפּלעך.

און די מוזיק האָט האַרציקע יידישע שטייגערס געשפּילט — די מחותנים און געסט אויפצונעמען. באַלד איז פול געוואָרן

דאָס שטיבל, און דער הויף אַרום דעם שטיבל, און די גאַס פאַרן הויף. שווער געגרייטע טישן זענען אין דרויסן געשטאַנען.

— יידן, וואַשט זיך, מאַכט ברכה און געניסט.

דער ערשטער האָט דער רב די גענדזן-פעדער אין האַנט גענומען, איינגעטונקט אין זיין אות אויפן הייליקן פאַרמעט גע־שטעלט, די הייליקע ריייניקייט צו פאַרענדיקן.

דערנאָך זענען געגאַנגען כיבודים: דיינים און שוחטים, לומדים און שיינע-יידן. און אַרום האָט געטומלט און גערוישט. מען האָט מזל-טוב אָפּגעגעבן, געווונטשעוועט און לחיים גע־טרונקען. די מוזיק האָט צום טיש געשפּילט. דער בדחן האָט פריילעך געמאַכט און גראַמען געזאָגט.

שרה-ביילע איז ווי אַ מהותנתטע צווישן די ווייבער גע־זעסן, אין טשיפּיק מיט קווייטן און בענדער. עס זענען איר טרערן איבער די באַקן גערונען און אין מויל געקומען.

זי האָט זיי געשלונגען. און עס איז איר גוט געווען, ווי זי וואָלט אַ קינדס קבלת-פּנים מאַכן, נאָך בעסער, ווי צו אַ קינדס קבלת-פּנים.

עס איז איר גוט געווען, ווי זי וואָלט דאָס קינד צום באַדעקן געפירט, און נאָך בעסער ווי צום באַדעקן.

פאַרנאַכט האָט מען אַ חופּה געבראַכט און דער רב, דער מרא-דאתרא, אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און דעם סויבלע־נעם שטריימל, גאָר פריש טבילה-וואַסער אויף די פּאות און שטילע מנוחה אויף דער באָרד, האָט די הייליקע ריייניקייט אין זיידן העמדל געצויגן, אין סאַמעט-פּרוכת געוויקלט, באַצירט מיט די „פּחן" און „ידן", וואָס האָבן איבערן שטוב געקלונגען, האָט זי אויף דער האַנט צום האַרצן גענומען און איז אַרונטער אונטער דער חופּה.

באַלד האָט זיך די ריייניקייט גערירט, און מיט דער רייני־קייט די חופּה, און מיט דער חופּה דאָס שטיבל, און מיטן שטיבל דער הויף, און מיטן הויף די גאַס. און דער טומל אין נאָך גרעסער געוואָרן, אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ.

די מוזיק איז פאָרויסגעגאַנגען, און נאָך דער מוזיק קינ־דער, חדר־ייִנגלעך און געצעפּלטע מיידלעך; דערנאָך ווייבער מיט טשיפּיקעס, מיט קווייטן און בענדער, מיט ליכט אין די הענט. זיי האָבן צנועהדיק דאָס אויבערשטע קליידל עטוואָס אונטערגעהויבן, די פיס צום טאַנץ געשיקט, אַריין אין טאַנץ, זיך פאַרגאַנגען און צוריקגעקומען.

און יונגעלייטלעך ווילדערנער, מיט גלייכע פאהלעך אויף די מיידלש־צנועהדיקע גלאַטע פנימער, האָבן אַזוי זייטיק, שע־מעוודיק, פון זיך אַליין, ווי גאָרנישט מיינענדיק, די פיס אין טאַנץ געפּרוווט און זענען אין טאַנץ אַריין.

לאָבוזעס און ווילע־ייִנגען האָבן אין די טאַנץ געפּויקט, מיט שטאַרק אָנגעבלאָזענע באַקן אויף די קעמלען געשפּילט, צוויי פינגער צום פייפן אין מויל געלייגט און אין ניגון אַריינ־געפייפט.

פראָסטע ייִדן, תהילים־זאָגער און עין־יעקב־הערער, טרע־גער און בעלי־מלאכות מיט רויט־פאַרשאַריעטע פנימער האָבן די עקן קאַפּאָטעס אין די גאַרטלען פאַרשטעקט און הויך די פיס געהויבן.

בעלי־בתים, נגידים זענען אין טאַקט געגאַנגען, צוגע־פּאַטשט מיט די הענט און בנעימותדיק מיטן קאָפּ צום טאַקט צוגעשאָקלט.

און שיינע־ייִדן, דיינים, למדנים און שוחטים האָבן אַרום דער ריינקייט מיט קדושה געווימלט, אַ תורה־רינג אַרום דער תורה געשלאָסן. פרייד־געטראַנק און קדושה־ליכט, נאַכט־רו און מוזיק־געשפּיל... דער ספר איז פון האַנט צו האַנט געגאַנגען, פון איין ריין האַרץ צום צווייטן. געהאַלדזט און געקושט, גע־קושט און געהאַלדזט און צוריק צום מרא־דאתרא, צום תורה־ברודער און קדושה־חבר געצויגן.

און די מוזיק האָט אומעטיקע ייִדישע שטייגערס פון דער נאַכט געצויגן און אין דער נאַכט געגאָסן, גאַס איינגעקומען און גאַס אויסגעגאַנגען.

שרה־ביילע איז אינדערמיט געווען צווישן די ווייבער,

אין דעם געקווייטן טשיפּיק און דעם סאַמעטענעם טיזליק. זי האָט צ׳ועהדיק דאָס לוסטרינענע קליידל עטוואָס אונטערגעהויבן. עס איז איר גוט געווען.

גוט, ווי זי וואָלט דאָס ערשטע קינד צו דער חופּה געפירט, און נאָך בעסער, ווי דאָס ערשטע קינד צו דער חופּה געפירט.

ווי דאָס ערשטע מאָל אין טראָגן פאַרגאַנגען, און נאָך בעסער, ווי דאָס ערשטע מאָל אין טראָגן פאַרגאַנגען...

ווי דאָס ערשטע מאָל אַ קינד צו זויגן געגעבן, און נאָך בעסער, ווי דאָס ערשטע מאָל אַ קינד צום זויגן געגעבן.

ווי דאָס ערשטע מאָל אַ יינגל אין חדר געבראַכט, און נאָך בעסער, ווי דאָס ערשטע מאָל אַ יינגל אין חדר געבראַכט.

ווי דאָס לעצטע קינד צו דער חופּה געפירט, און נאָך בעסער, ווי דאָס לעצטע קינד צו דער חופּה געפירט.

ווי דאָס גאַנצע לעבן אירס, און נאָך בעסער, ווי דאָס גאַנצע לעבן.

ס׳איז איר גוט געווען, ווי דער טויט, וועלכן זי האָט נאָך נישט געקענט, און האָט טאַנצנדיק זיך צו אים געצויגן...

I

עס איז געשטאַנען אָנפאַנג־האַרבסט. שטילע, וואַרימע, קלאָרע טעג באַגאָסן מיט אַ העל־גאָלדענע אומעטיקע ליכט און נאָכמער אומעטיקע נעכט, וואָס ווערן אַלץ לענגער, טרוקן־קאַלט און שטיל־בענקנדיקע.

פאַסטעכער, וואָס פאָרן אַרויס מיט די פערד אויף „נאָטש־לעג", נעמען מיט אַ פעלצל, אַן איבעריקע סערמיגע, קלויבן זיך צונויף אין גרעסערע קאָמפּאַניעס, צעפירן פייערן און ציען אויס אומעטיקע טענער פון די לאַנגע טרובעס, וואָס צעגיסן זיך ווייט אַרום איבער די אָפּגעשניטענע פעלדער ביז צו אַ נאָענטן וועלדל, און פון וועלדל קערן זיי זיך אום צוריק אין דער נאַכט אַריין אין אַ טעמפּן עכאָ פול מיט אומעט:

„דער זומער איז פאַראיבער!"

אין דער „אָרליקער" פערמע האַלט שוין דער שניט צו־ענדע. עס ציען זיך פון פעלד אין הויף אַריין פול־געפּאַקטע וועגנס מיט רעטשקע, ביסלעך אַרבעס און וויקע. וואַרפן עס אָפּ אויף־שנעל, און נישט רעכט צוזאַמענגענומען די שטריק לאָזט מען זיך צוריק אין פעלד אַריין, אָפּשטעלנדיק אין דער לופט אַ וואָלקן גרויען שטויב פון וועלכן עס זעט זיך קוים אָן אַ ברייטער שטרויענער קאַפּעלוש, וואָס טרייבט די פערד, שטייענ־דיק אין וואָגן, און קנאַקט געשיקט מיט דער בייטש...

דער נייער שייער איז געפּאַקט ביז די קראָקוועס, לייגט מען אין סקירטעסביים שייער. גאָטס גוטס וואַלגערט זיך אונטער די פיס. אַלע הינער, קאַטשקעס, אַ הינקענדיק פערד, אַ קראַנ־קער אָקס, וואָס מ׳האָט געלאָזן פריי אַ טאָג פון אַרבעט, — עסן גלייך פון די סקירטעס אַרויס, כאַפּט זיך צו אַ פרעמד פערד, ווער קיינעם נישט איינפאַלן אים אָפּצוטרייבן.

עס איז דאָס יאָר אַ גרויס גערעטעניש געווען, אַלע זענען שוין מיד, גויים מיט פערד — אָן כוחות, און ערשט דאַרף מען זיך שטעלן דרעשן, קאָרן, ווייל די שותּפים האָבן זיך פאַר־קויפט, גרויסע פרייזן גענומען און מוזן האַלטן „סראָק”.

פּלוצלינג האָט מען אין אַ פרימאָרגן פּופּצן גוייעס און צוויי גויים אַ טרייב געטון אויפן גאָרטן, די גוייעס האָבן זיך געווונדערט און נישט פאַרשטאַנען: — אוגערקעס האַלטן נאָך אין בליען, מערן און בוראַקעס טראָגן נאָך אַ גרינע היטשע, קאַרטאָפל, וואָס לענגער מ׳לאָזט זיי שטיין, ווערן זיי מעליקער און זיסער, קרויט איז אַן עבירה פאַר גאָט צו רירן...

נאָר ווען די „כאָזאַיקע” איז צו זיי אַרויס אויפן גאָרטן, קוים וואָס זי האָט זיך דערשלעפּט מיטן הויכן בויך און מיט בלויע צעצויגענע אָדערן פון די שלייפן איבערן בלאַס מידן פּנים — האָט מען זיך געשטויסן, איבערגעוווּנקען... און די אַך איז רעכט געוואָרן...

ליפשע האָט זיך גערעכט אין בעט... קיינער וואָלט עס נישט געגלויבט: דאָס אַכטע קינד ביי אַ שוואַך געזונט, דער זון, וואָס האָט מיטן שווער אַ געשעפט אין שותּפות, האָט שוין אַ יינגל אין חדר. זי אַליין וואָלט עס וויינציקער פאַר אַלע געוואָלט גלויבן. דאָס לעצטע יינגל, לייזערקען, גייט שוין דאָס זיבעטע יאָר... אַן אַלטע יידענע מיט אַ יאַדעשלעוון מאַן... זי האָט זיך געשעמט פאַר די שטוביקע, און פון זינט מ׳האָט אָנגעהויבן באַמערקן האָט זי אויסגעמיטן צו פאָרן אין שטאָט...

גערעכט האָט זי זיך אויף די יום־טובים, און ווייל זי האָט זיך דאָס מאָל באַזונדערס שוואַך געפילט, האָט זי געוואָלט

בייצייטנס ברענגען אַלץ אין אָרדענונג, און אָנגעהויבן האָט זי פון גאָרטן.

די אַרבעט איז געגאַנגען שנעל. פּאָר אוגערקעס און ציבעלעס האָט זי נאָך פריער אויסגערוימט דעם קעלער און געלאָזן לופ־טערן. מערן, אויב דאָס געזונט וועט איר דערלויבן, וועט זי נאָך איידער זי וועט אַריין אין בעט אויסטריקענען אַ פינף־זעקס אויווּנס, און פּאָר קאַרטאָפל, בוראַקעס האָט מען אויפן גאָרטן געגראָבן גריבער און גלייך געשאָטן אין די גריבער.

זי איז געזעסן אויף דער מעזשע, צוגעקוקט צו דער אַרבעט און געשטריקט אַ זאָק. דאָס ערשטע מאָל זיצט זי מיט אַ זאָק אין האַנט ביים אַרויסנעמען פון גאָרטן...

זי האָט געפילט דאָס קינד, שטאַרק געפילט. זי האָט שוין זיבן קינדער אויסגעטראָגן און געדענקט נישט אַזאַ ווייטיק. זי פאַרבייסט די ליפן און בלייבט שטיין אַ מינוט מיט דעם שפיזל אין האַנט, די אויגן צוגעמאַכט, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט צו עפּעס, וואָס קומט פון גאָר, גאָר ווייט...

אויבן, איבער איר האָבן זיך זיבן באָטשאַנעס געדרייט און געלערנט פליען, ווי זיי וואָלטן אין גאָלדענעם קלאָרן דורכ־זיכטיקן ים ווייסע אוזאָרן געמאָלן מיט אַ ווו־נישט־ווו שוואַרץ און פורפור־רויט איבערגעוואָרפן; פאַרוויקלט און אויסגעוויקלט, פאַרפלאָכטן און אויסגעפלאָכטן, אַוועק און צוריקגעקומען, און אויף אַ מינוט אינגאַנצן פאַרזונקען אין דעם גאָלדענעם ים...

נידעריקער ביים האָריזאָנט זעט זיך אַ דאָרף, עטלעכע קליינע הייזלעך, מיט טונקל־גרויע שטרויענע דעכער, פון וואַנען מ'טרייבט יעדן פרימאָרגן אין הויף אַריין גויים צו דער אַרבעט. אויף יענער זייט דאָרף ליגן רעלסן, און יעדער האַלבער נאַכט, ווען די הענער האָבן שוין אָפּגעקרייעט, ווייזן זיך פון דאָרטן דריי שאַרפע בייזע וועלפישע אויגן, וואָס קומען אָן פון אונטער דער וועלט, טראָגן זיך דורך מיט אַ רעש און פאַרשווינדן אונ־טער דער וועלט.

זי ווייסט, אַז אין יענער זייט, וווהין די באַן טראָגט זיך אַוועק יעדער נאַכט, איז דאָ אַ שטאָט פּינסק, ביי וועלכער די

באַן וועט זיך נאָך די זעלבע נאַכט אַדורכטראָגן און ווייטער פאַר-שווינדן, און אין דער שטאָט פּינסק איז איר וויג געשטאַנען, דאָרט האָט מען פון „מאַלינבס זאַדאַטשניק געזעשעט זאַדאַטשעס״ און געלערנט לידער פון „פּאַולסאָן״, און דאָרט האָט מען די מיידל-חלומות געחלומט...

דעמאָלט איז נאָך קיין באַן נישט געווען. און אַ גרויסע בויד געשפּאַנט צו פיר פערד איז צוגעפאָרן פאַרן שטוב און האָט פאַרנומען איר, מיט די קערב גאַרדעראָבע, מיט די פּעק בעטגע-וואַנט. און אין איין טאָג איז די גאַנצע שטוב, מיט „פּאַולסאָן״, מיט די מיידלשע חלומות, מיט טאַטע-מאַמע, שוועסטער און ברי-דער, מיט איר גאַנצער יוגנט פאַרשוווּנדן אויף אייביק...

פון נאָך דער חתונה איז זי נאָך קיין איין מאָל אין יענער שטאָט נישט געווען. אפילו אויף קבר-אבות קען מען זיך נישט אַרויסרייסן, און אַט איז שוין דער ברודער עלי געשטאָרבן, אינגאַנצן מיט פינף יאָר עלטער פאַר איר, און זי אַליין... עס ווילט זיך איר געפינען אַ פאַרגלייך צו זיך אין די ביכלעך, וואָס זי האָט אַמאָל געלייענט. און זי מאָלט זיך אויס אַ פעלד ביי אַ שלעכטן בעל-הבית, וואָס האָט יאָרנלאַנג געזייעט אָן „אָפּאַר״... ניין, בעסער צום קאַרשן-בוים, וואָס שטייט ביי זיי אין גאָרטן, וואָס האָט יאָרנלאַנג די בעסטע קאַרשן געבראַכט, און האָט אויפגעהערט, און האָט אָנגעהויבן דאַרן, און אַט רעכנט מען שוין צו ווינטער אים אויסצוהאַקן.

פון הויף האָט זיך געטראָגן אַ רעש, אַ קלאַפּעריי פון רעדער און דאָס קנאַקן פון אַ בייטש. דאָס עלטערע יינגל האָט זיך צעבייזערט אויף אַ גוי. אָט האָט זיך דאָס קלענערע יינגל אויפן נייעם פערד איבער די פעלדער צום וואַלד אַוועקגעטראָגן— געצוויס האָט מען געגעבן צו וויסן, אַז מ'האַקט אין וואַלד.

די באָטשאַנעס האָבן זיך נישט ווייט אויף דער לאָנקע אַראָפּגעלאָזן, ווי אויף רויטע לאַנגע שטאָלצן, און זוכן עפּעס צום עסן; צוויי אַלטע און פינף יונגע, געווען איז אַ זעקסטער איז ער אַראָפּגעפאַלן פון אָבאָרע און געהרגעט געוואָרן.

די טשערעדע, וואָס האָט זיך פריי איבער די אָפּגעשניטענע

פעלדער צעוואָרפן, האָט זיך נענטער געצויגן צום גאָרטן, איין בהמה האָט דעם קאָפּ אויסגעצויגן און האָט געמוקעט צום הויף, לאַנג, היימיש און פריינטלעך. ליפשען איז דאָס מוקען באַקאַנט — זי וואָלט שווערן, אַז דאָס איז „פּריסטאַ". עטלעכע בהמות האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, אָנגעשטעלט די אויערן און פאַרוווּנדערט באַטראַכט די גוייעס אין די רויטע פאַטשיילקעס און ווייסע „נאַמיטקעס", וואָס זענען געזעסן אויפן גאָרטן — און צוריק די קעפּ צום פּאַשע אַראָפּגעלאָזן.

אַ קעלבל אין דער צווייטער פּאַשע האָט אַרומצופּנדיק די מעזשע אויף וועלכע ליפשע איז געזעסן, זיך אַלץ צו ליפשען געצויגן, זי האָט איר נישט באַמערקט. נאָר קומענדיק שוין גאָר נאָענט, האָט זי אַ שפּרונג געטון און זיך צוריקגעוואָרפן, באַלד איז זי שטיין געבליבן, האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און אָנגעשטעלט די קליינע הערנערלעך.

ליפשען האָט עפּעס אַ מאָדנע פרייד אַרומגענומען, אויפן גאָרטן האָט אַ גויע אָנגעהויבן אַ ניגון, די איבעריקע האָבן אונטערגעכאַפּט — און באַלד האָט זיך ווייט אַרום צעטראָגן אַ ברייטער, אַ פרייליכער געזאַנג — אַ שניטער־געזאַנג...

*

נאָכמיטאָג קומט אַרויס איבערנעמען דער מאַמען ליפשעס איינציקע טאָכטער גיטעלע, אַ מיידל פון אַ יאָר דרייצן, אַ שפּיגל פון דער מאַמען אין דער יוגנט, אַ לענגלעך־ברונעט געזיכט און גריבעלעך אין די באַקן, אַ מיושבדיקער בליק מיט געשמאַקע באַוועגלעכע ליפּן, און דער זעלבער געזעצטער שכל און מאַנס־בילשער קאָפּ, ווי די מאַמע. זי האָט קליינערהייט מיט די ייִנגלעך אינאיינעם געלערנט תנ"ך און געדענקט אַלע טייטש־ווערטער, און ווינטער פאַרטאָג, אַז זי האָט צייט, זעצט זי זיך צו צו די ייִנגלעך און הערט צוזאַמען מיט זיי אַ בלאַט גמרא, וואָס דער טאַטע לערנט...

— אַ שאָד, וואָס זי איז נישט קיין ייִנגל, — זאָגט דער טאַטע, — טאַקע אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד.

ווען זי זאָל צייט האָבן אַ טראַכט צו טון, וואָלט זי דאָס אויך געמעגט באַדויערן, נאָר זי האָט קיין צייט דערצו. פון אַכט יאָר האָט מען זי צו דער מאַמען צוגעשפּאַנט. און אַרבעט איז דאָ שטענדיק: מעלקן בהמות און פּאַרען שעפּלען אום ווינטער, האָדעווען הינער און שטאָפּן קאַטשקעס, שטעלן און אָראָפּנעמען דאָס מילכיקס, אין זין האָבן דעם גאָרטן און געבן אַ קינד צום האַנט, צוצערעווען אַ זאָק און זען עס זאָל זיין אַ העמד אויף שבת...

זי זיצט ביי אַ בייט מערן צוזאַמען מיט קסענע די דויקע— אַ יונגע „מאָלאָדיצע”, דער מאַן איז ביי די זעלנער, — גיטעלע טראָגט אַ רויט פּאַטשיילעכל אויפן קאָפּ, שיקסעדיק פאַרבונדן אויף הינטן און איז באָרוועס. זי אַרבעט שנעל, גיט אַכטונג אויף דער אַרבעט און איז איבערגליקלעך, ווען זי יאָגט איבער קסענען, און איז אַ שטיק פאָרויס...

ווען די מאַמע איז נישטאָ, בלייבט זי אָן אַ האַרץ פון זיי, זיי מאַכן זיך נישט פון איר און חוזקן ווען זי בייזערט זיך און זי ווייסט, אַז אָט לויפט אַדורך דער „טאָג” און פאַר אַ טאָג קריגן זיי קוויטלעך אויף פינף-און-פערציק גראָשן, אַ פויער פופציק גראָשן, און פינף-און-פערציק גראָשן, ווייסט זי, איז געלט און געלט קומט נישט אָן לייכט, און אַז זיי זעצן זיך צו „פּאָלודען” עסן זיי און עסן, נעמען אוגערקעס פון גאָרטן און מ׳קען זיי גאָרנישט אויפהויבן...

גיטעלע האַלט זיך ביי צעווײנען.

— גיטליאַ, — פרעגט אַ מיטעלע גויע פון אַ צווייטע בייט,

— קאָלי מאַטקאַ שי אָטעלע ?*)

— טאַקי קאַביקאַ !..**) — זאָגט קסענע, קוקנדיק גנביש פאַר זיך.

— אַ קלאָג נאָך זיי, וואָס פאַר אַ הזירים ! אונזער ברויט עסט מען און מ׳רעדט אַזוי אויף דער כאָזאַיקע. עס פאַרקלעמט

*) ווען קעלבט זיך די מאַמע?

**) אַזאַ הוסטער...

איך דאָס האַרץ פאַר דער מאַמען און עס שטיקן איר די טרערן אין האַלדז: אַזעלכע חזירים... זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בייט צו קסענען און גענומען בוכען מיטביידע הענט אין פלייצע.

— א טי שוויניאַ, אַ טי קאָבילאַ. *)

ביז עס האָבן איר אָנגעהויבן וויי טון די הענטלעך.

קסענע האָט הילכיק געלאַכט.

אַלץ די קסענע, זי האָט איר היינט אַזוי פיל אָנגערעדט, אַז עס דרייט זיך איר דער קאָפּ. איינמאָל האָט זיך קסענע צו איר איבערגעבויגן און איר אָנגעכאַפּט ביי דעם ברוסטל, וואָס האָט ערשט ווי אַ יונג עפּעלע אָנגעהויבן צו וואַקסן און פּונאַנ-דערשפּאַרן די בלוזע. גיטעלע האָט איר דערלאַנגט איבערן האַנט מיט דעם גראָבאייזן, וואָס זי נעמט אַרויס די מערן, אָבער לאַנג נאָך דעם האָט זי אַ מאָדנעם אָנגענעמען ווייטיק געפילט אין ברוסט, עס האָט זיך איר געדרייט דער קאָפּ, געפלאַמט דאָס געזיכט און געשווינדלט פאַר די אויגן...

קסענען האָט זי פיינט, נאָר עס ציט איר צו איר, גאָר-נישט ווילנדיק איז זי מיט איר היינט געבליבן זיצן ביי איין בייט. און אָט אַזוי, נישט ווילנדיק, בלייבט זי שטענדיק לענגער אין דער אָבאָרע, ווען קסענע מעלקט די בהמות, און הערט אויס מיט דורשט אירע מעשיות, עס בייטן זיך איר די קאָלירן און שעלט ליבלעך:

— אַ טי שוויניאַ, **) קסענקאַ, אַ קלאָג נאָך דיר מיט דיינע ריידעלעך !..

---

*) דו חזיר, דו שקאַפּע.

**) דו חזיר.

## II

שוין דעם דריטן חודש, אַז עס ברענט די אַרבעט, פריער האָט מען געטיילט היי, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער שניט. עס זענען דאָ אייגענע געזייעטע און מיט פויערים אויף אַ דריטל. ביים טיילן דאַרף מען זיין מיט הונדערט אויגן, מ'גנבעט פון אונטער די הענט. די פערמע איז אַרומגעצוימט מיט דער־פער, וואָס פאַשען אויפן הויפישן... דעריבער ווערט דאָס פערד קיינמאָל נישט אויסגעזאָטלט...

אַלע זענען פאַרנומען. זעלטן ווען מ'עסט ביי איין טיש, אַייסער שבת. מ'כאַפּט זיך אָפּ אין שטוב, מ'נעמט עפּעס צום ברויט און צוריק אין פעלד. אַפילו דער נייער מלמד, אַן אויס־געהונגערט יינגל פון שטעטל, וואָס באַקומט אַלע מאָל בויך־ווייטיק און ווייסט בשום אופן נישט דעם אונטערשייד פון קאָרן ביז ווייץ — האָט זיך שוין אויך אויסגעלערנט טיילן. ער ווייסט, אַז דער גוי דאַרף צעלייגן די „קוביצע" היי אויף דריי בערגלעך. דאַרף ער אויסקלויבן איינע פון די דריי, דאַרף דער גוי די אויסגעקליבענע אַרויפלייגן אויפן וואָגן און אָפּפירן אין הויף. דאָס מאַכט ער אויף שטום־לשון. און טאָמער פאַלט איין אַ פויער אונטערצוואַרפן דעם פערד אָדער די געשפּאַנטע אָקסן פון הויפישן היי, וועט ער זיך מיט אים הרגענען און מאַכן גע־וואַלדן איבערן גאַנצן הויף: — „קטשאָרטי מאַטרי, ש.ויניאַ".

דאָס איז אַלץ, וואָס ער קען אין גוייש.

די קלענערע יינגלעך, צוליב וועמען מ׳האָט דעם מלמד אַהער אַראָפּגעבראַכט, שטייען שוין ביי דער „מאָלאָטילקע״, מעסטן איבער די מילך דעם פּאַטער און פאַרנעמען אַ דאָרפיש שטיקל, ווען עס פּאַשעט זיך אויף הויפישן...

נאָר זי איינע... ליפשע ווייסט אַליין נישט, נאָר עס דאַכט זיך איר, אַז זי איז שולדיק געגן די שטוביקע דערמיט, וואָס זי האָט נישט קיין כּוח און קען גאָרנישט טאָן.

אַ בעל־הביתטע אין אַ פערמע, וואָס האָט צען מעלקעדיקע בהמות אייגענע, פּופציק שותּפותדיקע, קעלבער און געגנדז אייגענע און שותּפותדיקע, אַ שותּפותן סאָד מיט קאַרשן און בּאַרן, אויסער פערד, אָקסן און יונגוואַרג, אויסער הינער, וואָס לייגן אייער און קאַטשקעס פאַר וועלכע מ׳דאַרף רייסן און בראָקן זילע; אַ שותּף און אַ שותּפטע מיט קינדער, וואָס האָבן צו זיך קיין גלייכן אין דער גאַנצער מדינה: סיבּירניקעס און פערד־גנבים; אַ מאַן אַ יחסן, אַן אָפּגעהיטענער, אַ קראַנקער און אַן עקשן; קינדער פאַרביסענע, וואָס לאָזן נישט אַדורך זייערס אַ שטרוי און כאַפּן זיך גלייך שלאָגן. ביי אַזאַ הו־האַ דאַרף אַ בעל־הביתטע האָבן פרייע הענט... אוןְ נישט אַרומגיין אַ געבונדענע אין רעכטן „זשניוואַ״...

די טעג זענען הייס און טרוקן. שוין לאַנג נישט געווען קיין רעגן. וואָס עס איז נאָך געבליבן אין גאָרטן ספּיעט און באַקומט אַ זיסקייט, דער עפּל רויטלט זיך, די פלוים קריגט אַ גרויען באַרכאַט און ווערט ווייך. ווען עס זאָל אַדורכגיין אַזוי נישט קיין גרויסער רעגן, וואָלט קיינער נישט געהאַט דאַגעגן. פון די פעלדער איז שוין באַלד אַראָפּגענומען, עס וואָלט אַ וואקס געטון פּאַשע און מענטשן, להבדיל בהמות וואָלטן זיך אָפּגעפרישט...

מער פון אַלע וואָלט ליפשע נישט געהאַט דערגעגן, עס זאָל דורכגייען אַ רעגנדל. די לעצטע טעג איז קוים, וואָס זי דערשלעפּט זיך אויפן גאָרטן, אַלץ איז אין איר שווער געוואָרן, די פיס אָנגעשוואָלן מיט ברייטע צעצויגענע אָדערן און אין קאָפּ, ווי מיט בליי אָנגעגאָסן.

זי זיצט אויף דער „מעזשע״ און ווי דורך אַן אָנגעגליטן גינגאָלדענעם נעפּל שוועבט אַדורך פאַר איר דער אַלולדיקער דושנער טאָג, וואָס האַלט שוין צו ענדע. די אָפּגעשניטענע פעלדער מיט דעם שטילן האַרבסט־אומעט, וואָס איז צעגאָסן איבער זיי, די גרויסע סטאַדע בושאַנעס, וואָס קלויבן זיך יעדן טאָג צוזאַמען פון גאַנצן געגנט, דרייען זיך איבערן קאָפּ, מאַכן מאַניעווורעס און גרייטן זיך אַוועק צו פליען. — און זי אַליין... און די פּופּצן גוייעס און דער שייגעץ מיטן ברייטן שטרויענעם קאַפּעלוש און גיטעלע אין רויטן פאַרטשיילקעלע שיקסעדיק אונטערגעבונדן און די פיר פרענטעלעך פון דעם זאָק. און דאָס גאַנצע לעבן אירס — און דאָס גאַנצע לעבן אירס...

אָט איז זי אַהער אויף מאָרגן נאָך דער חתונה צו שווער און שוויגער אויף קעסט געקומען. אין אַ ווייס זיידן בענוואַר און ווייסע שטעק־שיך. — אַהער, אין דעם גויישן שטובעלע מיט די קליינע פענצטערלעך אָן אַ פּאָדלאָגע, אַ פולע שטוב מיט הינער, אַ גרויסער לאַבן־ברויט אויפן טיש און ערדענע שיסלען צום עסן.

— געפעלט דיר עפּעס ביי אונז? — האָט איר דער שווער געפרעגט, ווען זיי זענען שוין געווען אין שטוב.

זי האָט געוווסט, אַז דער שווער שפּאַסט פון איר: ביי זיי אין פּינסק איז געווען אַ זאַל מיט אַ געפּאַרבטע פּאָדלאָגע. עס האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין האַלדז, און זי האָט געהאַט אַ געפיל, ווי דער אַלטער וואָלט איר, ווי אַ נאַריש קינד, ליב און האַרציק איבערן קאָפּ געגלעט...

— יאָ, שווער, עס געפעלט מיר זייער!

אָט דער פּראָסטער ייד מיט זיין וואַטעוון לייבל, מיט דעם פאַרשמאָלצטן היטל און לאַנגע לולקע אין מויל, מיט דער שיינער באָרד און גרויסע ברעמען איבער די קלוגע גוטע אויגן...

— יאָ, שווער, עס געפעלט מיר זייער!

זי האָט גלייך געפילט, אַז זי וועט מיט דעם ייד זיין גרויסע גוטעפריינט...

און אָט איז די שוויגער, אַן איינגעצויגענע יידענע פון

פאַסטן מאָנטיק און דאָנערשטיק, פון נישט פאַרגינען זיך פאַר־וויסן דעם באָרשטש, וואָס האָט גלייך אויף מאָרגן נאָך דער חתונה אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מחותנתטע און זיך אָנגעטון אין דער נאַרישער שוויגער...

און חיים, אַ משוגען קאַפּריז יינגל, וועלכן מ׳מוז איינ־נעמען מיט גוטן, ווי אַ קלענערן ברודער.

און דער סדר אין שטוב און די ווירטשאַפט און דאָס גאַנצע לעבן אַזוי ניי און מאָדנע פרעמד... און ווי שנעל זי האָט זיך עס צוגעוווינט און געוווּסט יעדן צו האָווירן און צו־פרידנשטעלן.

— יאָ, שווער, מיר געפעלט עס זייער!...

גיטעלע מיט קסענען זענען פריער פאַר אַלעמען אדורך דער בייט און זיך גענומען צו אַ נייער. הינטער זיי איז אויף דער צעגראָבענער בייט געלעגן די מערן־ און בורקעס־„היטשע“ נאָך גרינע מיט אַלעבן אין זיך, וואָס איז נאָר־וואָס געוואָרן אי־בערגעריסן, ווי אַ שורה אונטערגעשאָסענע פייגל, און אָנגעהויבן טריקענען.

ליפשע האָט זיך פאַרקוקט אויפן קינד, אויף דעם מיידל און עס איז איר מאָדנע־ווײַ געוואָרן, פאַרוואָס זי האָט איר, אַ קינד, אין יאָך אַריינגענומען, אַז זי זאָל די ליכטיקע וועלט נישט אָנזען... זי איז זיכער, אַז דעם מיידל איז באַשערט דאָס זעלבע מזל, די זעלבע דאָליע, וואָס איר... נאָר זי שעמט זיך פאַרן קינד און פילט זיך שולדיק, פאַרוואָס זי אַליין האָט איר יוגנט פאַרבראַכט אין אַ שיינער שטוב צווישן מענטשן, אין אַן אַנ־שטענדיק קלייד מיט שיך און זאָקן, און איר איינציקע טאָכטער האָט איר גאַנצע יוגנט דורכגעפירט באָרוועס אויפן גאָרטן און אין שטאַל מיט די דויקעס...

פונעם וויג ביזן גרוב איז איר אָנגעשריבן געוואָרן צו מעלקן בהמות: צו ערשט דעם טאַטנס, דערנאָך דער שוויגערס, דערנאָך דעם מאַנס און צום סוף דער שנורס...

## III

שטיל האָט זיך דער שפּעטיקער האַרבסט אויף פעלד און וואַלד אָנגערוקט, אַ גרויער, אַ כמורנער, ווי אַן אָנגעברוגזטער אָנזאָגער פונעם לאַנגן און שווערן ווינטער, וואָס דאַרף ערשט קומען. ווייט אַרום וויפל דאָס אויג קען פאַרכאַפּן זענען טויט-נאַקעטע פעלדער געלעגן, שוואַרצע און טונקל-גרויע מיט פּאַר ווינציקע גראָז, וואָרצלען פון תבואה-שטרוי, וואָס האָבן זיך צו דער ערד געצויגן און אָנגעהויבן פוילן, ווו-נישט-ווו האָט נאָך פון נעפּל אַרויסגעבלייכט אַ סטויגל היי, אַ סקירטע גוט-איינגעדעקטע תבואה, וואָס זענען, ווי פאַרגעסענע, אויפן פעלד געווען צעוואָרפן און געוואַרט ביז עס וועט זיך שטעלן אַ ווינטער-וועג...

דער נעפּלדיקער טוי, וואָס האָט זיך, ווי אַ זילבערנער שטויב, פון זון-אויפגאַנג ביז זון-אויפגאַנג אין דער לופט געטראָגן און זי געדיכט געמאַכט, איז ווי אויף אַ האַרטן שטיין געפאַלן. קיינעם האָט עס נישט דערפרישט און נישט אָנגעטרונקען... אַפאָר פריש-צעאַקערטע פעלד-פאַסן האָבן דעם פרישן זאָמען פון קאָרן און ווינטער-ווייץ אין זיך געשפּירט... און ווי בלוט-יונגפרויען, וואָס קענען זיך קוים אָפּגעבן רעכענונג פון דעם וואָס איז געשען... צווישן אַסך זקנות, עקרות און נישט-פאַרגינערקעס, האָבן זיי דאָס גרויסע גליק טיף אין זיך באַהאַלטן און גאָר אינדערשטיל מיט זיך אַליין געשוויגן.

די שטיקלעך זענען שוין געשטאַנען אויפן שטאָל טיף אין א באַרג אונטערגעבעט שטרוי, לאַנגזאַם און איינטאָניק געקייט די „מישינקע״, געקייט און איבערגעקייט און זיך צוגעהערט צום זשימזשען פון רעגנדל אין דרויסן, וואָס האָט פונקט, ווי זייער מעלה-גרה זיין, פויל און איינטאָניק, אָנגעפויקט אין דאַך און פון דאַך אויף דער ערד...

אַרויסגייענדיק צום ברונעם האָט מען זיך געפוילט, זיך געריבן איינע אין דער אַנדערע, און איינע דער אַנדערע פאַר-שטעלט דעם וועג, זיך צונויפגעקאָרטשעט און באַהאַלטן דעם עק אונטער זיך.

פערד זענען בייז געווען, איינער פריער פאַרן אַנדערן געוואָלט אַריינשטעקן דעם קאָפּ אין „קאָריטע״, האָט מען פאַר-לייגט די אויערן, זיך געביסן, געשלאָגן זייטיק מיט א הינ-טערשטן פוס און שלאָגנדיק געריטשעט.

— טור-טור-טורו, — האָט זיך דאָס רוישן פון דער דרעש-מאַשין מיט אַ פריילעכע זאַטקייט געטראָגן ווייט אַרום דער פערמע.

— טור-טור-רו-רו, דער שייער איז ביז די קראָקוועס פאַר-לייגט און אין דרויסן זענען אויסגעשטעלט סקירטעס ביז פּסח צום דרעשן.

— טו-רו-רו, מ׳האָט קאָרן צו גוטע פרייזן פאַרקויפט, דער פריצהטע די „ראַטע״ איינגעצאָלט און אויף נייע דריי יאָר א קאָנטראַקט געשריבן.

— טור-רורו, טו-רורו...

און ווי נח פאַרן מבול אַזוי האָט מען זיך אין דער פער-מע גערעכט אויפן בייזן גאַסט, אויפן ווינטער. מ׳האָט אויף די בוידעמס שטרוי אָנגעטראָגן, די פענצטער איבערגעקיטעוועט און מיט נייע שטרויענע לאָדנדלעך באַשלאָגן.

און לאַנגע אָוונטן האָבן זיך די שותּפים געעצהט, ווי אַזוי מ׳זאָל באַגעגענען דעם ווינטער, — וועלכע פערד זענען נישט ווערט דעם ווינטערניש, וועגן אַ וואַרעם אָרט פאַר די קעלבער, ווי בעסער איינדעקן די גריבער קאַרטאָפל, עס זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן דער פראָסט.

ליפשע האָט זיך אָפּגענאַרט מיטן חשבון: די יום-טובים זענען שוין אַריבער און זי דרייט זיך נאָך אַרום מיטן שפּי-ציקן בויך, געשוואָלענע פיס, ברייטע בלויע אָדערן דורכן פּנים, בלייכע, אָנגעשוואָלענע ליפּן און קורצן אָטעם, און עס דוכט זיך איר, אַז עס וועט גאָר קיין סוף נישט נעמען.

די ימים-נוראים איז ביי זיי אין שטוב געווען דער מנין, און ווען די ווייבער פון די אַרומיקע דערפער זענען צוזאַמען געקומען ביי זיי אין אַלקער צום דאַוונען, האָט זי זיך קיין אָרט נישט געפונען. אַלע אויגן האָט זי געפילט זענען געווענדט צו איר בויך, פון בויך צו די פיס, — ווי מ׳וואָלט זיך געוווּנדערט וואָס אַזעלכע דינע שטעקנס קענען אויסהאַלטן אַזאַ משא... — דערנאָך צום פּנים און צוריק צום בויך.

זי זיצט ערשט ביי אַן אויסגעהייצטן אויוון, אַרבעט נאָך אַלץ דעם זעלבן זאַק, וואָס זי האָט אָנגעהויבן פאַר די יום-טובים, און הצרט זיך צו צום זשימזשען פון רעגנדל, וואָס דראָ-בעט אויף די קליינע שייבלעך, ווי פון אַ געדיכטע זיפּ, עסט זיך איין אין די ביינער און מאַרך אָן אַן אויפהער.

אין שטוב טראָגט זיך אַרום אַ זאַטער נעפּל פון אַלדאָס-גוטס; שאַפעס מיט סאָקן און אָנגעפּרעגלטע וואַרעניע, אַ שפּייכ-לער מיט גרויפּנס, אַרבעס און בעבלעך, פעסער מיט געזייער-טע אוגערקעס און קרויט אין קעלער, און אויפן גאָרטן גרויסע גריבער מיט קאַרטאָפל און בוראַקעס, אויבן איבערן קאָפּ אויפן אויוון שטעקט אַ ווינקל פון אַ גרויסן זאַק טרוקענע בערן, און פאַרן שטוב אונטער דער ברייטער סטריכע זענען פופצן אַלטע גענדז געזעצט צום קאָרמענען. דורך גאַנצע נעכט טראָגט זיך אַרום זייער גאַרגאָטשען, אַזוי היימיש איינגענעם, און פון צייט צו צייט וואַרפן זיי אַרויס אַ פריילעך געשריי אין דער וועלט אַריין.

די ליבע וואַרעמקייט, וואָס האָט אין דער פרי אין שטוב געהערשט, האָט זיך ביז נאָכמיטאָג אויסגעוועפּט, די גויים, וואָס האָבן אָנגעהויבן גיין בייטן די קוויטלעך, האָבן אָנגעטראָגן אַ נאַסע קעלט, בלאָטע פון באָרוועסע פיס מיט דורכגעווייקטן

סערמיגעס און אַ דזשעגעכץ-ריח פון כאָמוטן מיט זברויעס, וואָס מ׳האָט צוליב דעם רעגן אַריינגענומען אין פּאָרהויז.

חיים זיצט ביים טיש איבערן לאַנגן קאָנטע-בוך, פירט מיטן פאַרגעלטן פינגער — פון די געדרייטע פּאַפּיראָסן, וואָס ער רויכערט אויס ביזן סוף, אַז עס ברענט אים צו די וואָנצן.

— איוואַן קאָרטשמאַ, שני ימים, אַ שייגעץ ביי דער מאָ-לאָטילקע חצי יום.

— סטיפּאַנידאַ האַפּקאַ, ארבע ימים על הגאָרטן, שלשה ביי דער מאָלאָטילקע, לנכות שני ימים בעד הפרה, וואָס האָט זיך געפּאַשעט אין האָבער.

ער פאַרטייטשט איר אויף גוייש.

— כאָזאַין, סאָקאָליקאַ, זאָזולקאַ פּטאַשקאַ, —

נודזעט סטעפּאַנידע און זוכט די האַנט צום קושן... יאַ גלופּיאַ באַבאַ, זאָלן מיר די אויגן בלינד ווערן, זאָלן מיר די פיס אָפּפאַלן, זאָל זיך מיר אין בויך פאַרדרייען, כאָזאַיקאַ...

חיים לייענט ווייטער: — טאַראַס כוואָאינקאַ האָט געהאַט שני בייטן פשתים, צריך גיין שני ימים קאָסן, מפּני מחלה שלח את הבאַבע שני ימים שאַרען היי, מגיע נאָך יום אחד אַ קאָסער...

ליפּשע האָט זיך פאַרקוקט אויף חיימען מיט דער שפּיצי-קער סאַמעטענער יאַרמלקע און גרויסע הינטישע שטיוול, אין וואַטאָוון לייבל פון וואַנען עס קוקן אַרויס ברודיקע ציצית, מיט דעם איינגעצויגענעם האַרץ און שוואַרצער באָרד, וואָס הייבט שוין אָן גרוי ווערן. דאָס גאַנצע לעבן — אָדער ער איז אויפן פעלד, אָדער ער האָט צו טון מיט גויים, אָדער ער לערנט. זי זיך האָט מיט אים. דוכט זיך, נאָך קיינמאָל נישט אויסגערעדט, ווי עס דאַרף צו זיין, ווי מ׳רעדט זיך אויס מיט אַ מאַן...

און אין דער מינוט האָט ער איר אויסגעזען מאָדנע פרעמד, אַ פרעמדער ייד מיט ברודיקע ציצית און הינטישע שטיוול, און מאָדנע נאָענט: זי האָט דאָך אים זיבן קינדער אויס-געטראָגן און גייט ערשט מיטן אַכטן... זי געדענקט אים דאָך, ווען ער האָט נאָך קיין באָרד נישט געהאַט, מיט אַ ווייס-קלאָ-ריק געזיכט, ראָזע ייִנגלשע באַקן און גלייכע פאהלעך איבער זיי...

עס האָבן איר מאָדנע שווערע געדאַנקען אַרומגענומען. די נאַכט האָט זי געזען שווער און שוויגער אין חלום. דער שווער איז געזעסןביים טיש אויף חיימס אָרט און אריינגעקוקט אין א ספר. אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויף איר אַזוי ליב און געטריי, ווי נאָר דער שווער האָט געקענט קוקן... עס דוכט זיך איר, אַז ער איז געווען אומעטיק, די שוויגער האָט זיך געפּאָרעט אין קיך און אַלץ נאָכגעפרעגט, פאַרוואָס מ׳זעט נישט דעם אַלטן קוגל-טאָפּ, דעם געדראָטעוועטן... דערנאָך האָט זי איר אַרומגעטאַפּט דעם בויך און געפרעגט וויפל זי ציילט... און האָט איר דערציילט, אַז ביילע האָט ווידער געמפּילט, שוין אין אַכטן חודש, אַ בחור מיט שוואַרצע האָר...

ליפשע ווייסט אַליין נישט, זי איז דאָך נישט קיין ערשט-לינג... און האָט זיך נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געשראָקן, ווי איצט. אָפּטמאָל זעט איר אויס, ווי מ׳וואָלט איר געפירט צו דער שחיטה, און זי איז אַליין, איינע אַליין און קען זיך נישט ווערן און האָט נישט מיט וואָס, און האָט נישט קיין מאַמע און האָט נישט קיין שוועסטער, וואָס זאָלן קברים רייסן און אריינ-פאַלן אין ארון-קודש...

זאָל איר ביישטיין דער זכות פון דער תורה, וואָס חיים לערנט מיט די קינדער אַ גאַנצן ווינטער יעדן פאַרטאָג ביים לעמפּל... און דער צער פון די פייגעלעך, וואָס דאַרפן נאָך אַ מאַמען, זאָל צום הימל דערלאַנגען...

זי ווייסט, אַז אין אַזאַ צייט דאַרף מען האָבן עפּעס אַן אייגענעם זכות. און עס ווערט איר מאָדנע באַנג נאָך אַ יידן אַ דורכגייער, וואָס טוט איר אַ צוליב אָפּעסן אַ וועטשערע, אַ פאַר-ווייסט ביסל באָרשטש מיט סמעטענע, אַביסל מילעכיקע זופּ, וואָס זי האָט אַליין אָפּגעקאָכט אויפן דריי-פוס, דערנאָך וועט ער בענטשן און זאָגן הרחמן ביי איר טיש, וואָס זי האָט געגרייט...

אַלץ אין שטוב, ווייסט זי, געהערט צו חיימען, נאָר אַז עס קלאַפּט אָן אַ ייד ביינאַכט און זי עפנט אויף, און צעפירט

אַ פייער און שטעלט צו עפּעס וואַרעמס, און מאַכט פּאַר אים אַ געלעגער, דאָס געהער צו איר, דאָס וועט ביי איר קיינער נישט צונעמען...

און אַז מ'זעט נישט קיין ייד אַ דורכגייער, גיסט זיך אויס דאָס גאַנצע גוטס, וואָס עס האָט זיך ביי איר אין האַרצן אָנגעקליבן, צו די פּאַראָבקעס פון הויף, צו די גויים, וואָס קו-מען צו דער „מאַלאַטילקע", גיט זי וועמען אן אוגערקע, אַביסל זויערמילך צום ברויט, אַ שטיקל חלה פון שבת פאַר אַ קינד,— אַ גויישע ברכה קען אויך מקוים ווערן...

דערווייל מאַכט זיך אַ קריג מיט דעם שותף.

ליבער גאָט, ווי ביי גזלנים האָט זי זיך געבעטן ביי די קינדער.—לאָזט אָפּ, זאָל אונזערס איבערגיין, ערשט איז נישט קיין צייט דערצו...

אָנגעהויבן האָט זיך עס פאַר אַ גאָרנישט. דעם שותפס יינגל האָט אָנגענומען אַביסל פּסולת פאַר די עופות, איז גע-גאַנגען איר שמואל, דער צווייטער פון עלטערן, פרעגן, פאַרוואָס מ'נעמט פון שותפישע, גלייכער וואָלט געווען צו וואַרטן ביז מ'וועט צעטיילן.

האָט אים דעם שותפס יינגל געענטפערט, אַז ער מעג נאָך נעמען אַביסל פּסולת, ווייל ביי זיי האָבן זיך היי יאָר די קאַטשקעס נישט אויסגעפּיקט, און ביי אייך האָבן זיך אויס-געהאָדעוועט דרייסיק שטיק אויפן הויפישן.

האָט עס שמואלן פאַרדראָסן, פאַרוואָס די קאַטשקעס שטעכן זיי אויס די אויגן אַ גאַנץ יאָר, און האָט געזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין: — אַז אָרנטלעכע מענטשן דינגען אַ פור, ווען מ'דאַרף פאָרן אויף אַ חתונה, און נעמען נישט צו פון הויף די בעסטע פאָר פערד מיט אַ גוי אויף צוויי טעג אין סאַמע „זשניוואַ".

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, איז געוואָרן אַ קריגעריי, איז מען אַרויס פוןביידע הייזער צוהילף, האָט דער עלטערער בחור געוואָלט זיך אַרויסברעכן פון שטוב מיט אַ „ראַפּניק",

האָט אים ליפשע ביים טיר מיטן בויך פאַרשטעלט דעם וועג און געשווּוירן מיט כיבוד אב ואם, זי זאָל אַזוי בשלום איבער-קומען, ווי ער וועט בלייבן אין שטוב...

פלוצים האָט זיך פון דרויסן דערהערט דער שותפ-טעס קול:

— זאָל עס דער מאַמען !!...

ווי אַ שוואַרצע קראָ, וואָס זאָגט אָן שלעכטס, האָט זיך עס צעטראָגן איבערן הויף, זיך אַריינגעריסן אין שטוב, און שוין עטלעכע טעג, אַז מ'קען זי פון שטוב נישט אַרויסיאָגן.

ליפשע האָט עס מורא אַפילו אין געדאַנק איבערצוחזרן. אָבער, ליבער גאָט, האַרציקער, איינציקער באַשעפער, פאַרוואָס? פאַר וועלכע זינד? אַפילו אַ משוגענעם הונט ווינטשט מען עס דאָך נישט אין אַזאַ צייט...

# IV

אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿאַרטאָג, ווען אַלע זענען גע-שלאָפֿן. זי האָט דערפֿילט ווייטיקן און האָט זיך אין אָנהויב נישט געמאַכט דערפֿון, ווען עס האָט זיך נאָכאַמאָל איבערגעחזרט איז זי געווען זיכער, אַז דאָס איז „דאָס"... און כאָטש זי האָט שוין לאַנג אויסגעקוקט אויף דעם און געהאָפֿט עס זאָל שוין זיין אַ מינוט „נאָך דעם", איז איר אין דער מינוט באַפֿאַלן אַ מאָדנער פֿאַרלאַנג: אַז עס זאָל זיין אַ טעות, אַז עס זאָל זיך איר האָבן נאָר אויסגעוויזן, און „דאָס" אַליין זאָל זיך נאָך פֿאַרציִען, שפּע-טער, איבעראַכטאָג מאָרגן, אָבער נישט היינט.

זי האָט אָנגעהויבן וועקן חיימען:

— חיים, חיים!

ער האָט נישט געענטפֿערט. אַ מינוט איז זי שטיל געווען, זי האָט געוווּסט, אַז פֿון אַזאַ וועקן וועט חיים נישט אויפֿשטיין, נאָר עס האָט איר פֿאַרפֿעלט דרייסטקייט און זי האָט אויף עפּעס געוואַרט, ווי זי וואָלט מיינען, אַז די לאַגע קאָן זיך ענדערן און חיים וועט גאָרנישט נויטיק זיין... דערנאָך האָט זי אויפֿגעזוכט חיימס שטעקן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פֿון בעט, און האָט מיטן שטעקן אָנגעהויבן פֿאָרזיכטיק צו קלאַפּן אין ווענטל פֿון חיימס בעט, גאָר פֿאָרזיכטיק, — די קינדער אין צווייטן צימער זאָלן זיך נישט אויפֿוועקן:

— חיים, דו שטייסט אויף ?..

חיים האָט פון שלאָף געפרעגט „וואָס?", האָט זיך איבער־געדרייט מיטן פּנים צום וואַנט און איז ווידער איינגעשלאָפן — ער איז שפּעט געקומען פון שטאָט און איז שטאַרק מיד געווען. חיימס פאַרדומפּענער „וואָס" און דאָס אָפּקדרייען זיך פון איר צום וואַנט האָט אויף איר אַ מאָדנעם באַנג אָנגעוואָרפן. דאָס קליינע לעמפּל, וואָס איז אויפן טיש געשטאַנען, האָט קוים געצאַנקט און האָט איבערן צימער אַ שווער־מאַסיווע טונקל־רויטע שיין אויסגעלייגט. אויבן האָט זיך פון גלעזל פאַרשידנ־פאַרביקע אומעטיקע רעדער פאַרשפּרייט, אינמיטן אַ מאַט־רויטער, ווי אַ גרויסער אויסגעשייערטער קופּערנער צענער, דערנאָך אַ טונקל־בלוי רעמל, און נאָך דעם טונקעלן אַ שיטער־רויטס, און נאָך דעם רויטן אַ גרוי־בלייכס, און נאָך דעם בלייכן אזאַ קאָליר, וואָס איז נישט ליכטיק און נישט פינצטער, ווייטער שוין טונ־קעלער, טונקעלער, ביז גאָר פינצטער...

חיימס בעט איז איינגאַנצן געלעגן אין שאָטן, ווי מ׳וואָלט עס מיט אַ שווערן געוואַנט איבערגעדעקט, צופוסנס איז אויבן בעט אַ שמאָל שנירל שיין געפאַלן און האָט באַלויכטן אַ שטיקל ברודיק בלייכן פוס, וואָס איז אין שלאָף פון אונטערן דעק אַרויס־געקראָכן. דאָס שטיקל פוס האָט אונטער דעם רויטן שיין נאָך ברודיקער אויסגעזען, און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס שטיקל פוס איז דאָ אַליין און האָט מיט יענעם, וואָס איז אונטערן שאָטן, ווי מיט אַ שווערן געוואַנט איבערגעדעקט, קיין שייכות נישט.

עס האָט ליפּשען צו דעם פוס אַ מאָדנער עקל אַדורכ־גענומען, און עס איז אויף איר אָנגעפאַלן אַ סומנעקייט, וואָס אַלע שלאָפן, נאָר זי איינע וואַכט איבערן גאַנצן שטוב. זי האָט אַפּאָר מאָל שטאַרק מיטן שטעקן אין ווענטל פון זיין בעט אָנגעקלאַפּט און זיך הויך צעשריגן:

— חיים! דו שטייסט אויף, צי ניין ?..

אויף איר געשריי האָבן די קינדער אין די בעטן זיך אַנגעהויבן וורושען און דאָס עלטערע בחורל האָט איבערן ווענטל

געפּרעגט, וואָס דאָס איז — זי האָט נישט געענטפערט, נאָר די שרעק איז פאַרשוווּנדן און עס איז איר לייכטער געוואָרן, וואָס עס געפינט זיך נאָך עמעצער, וואָס וואַכט אין שטוב. פון איבערן ווענטל האָט זיך דאָס טעמען פון אַלע קינדער צו איר דערטראָגן.

חיים האָט זיך אָנגעהויבן אָנטון...

*

אין אַ שעה אַרום האָט זיך איבערן שטוב אַרומגעדרייט די „באָבע", נאָך וועלכער מ'האָט געשיקט אַ פור אין דאָרף אַריין — אַן אַלטע גויקע מיט אַ לעדערן צעקנייטשט פּנים. זי האָט שוין לאַנג פאַרלוירן דעם רעכענונג פון אירע יאָרן און האָט אַ גאַנצן דאָרף אויפגעשטעלט פון אירע אייניקלעך...

אין שטוב האָט געברענט אַ לאָמפּ מיט אַ פאַררויכערט גלעזל און איבערן שטוב האָבן אַלע קינדער אַרומגעבלאָנקעט, שלעפעריקע, האַלב-נאַקעטע, קיינער ווייסט נישט, ווער און צו וואָס מ'האָט זיי פון די בעטן אַרויסגעטריבן. אויפן קוימען האָט געקאָכט אַ „טיקוועע" וואַסער, וואָס ליפּשע האָט אויף איר אייגן פאַרשטאַנד געהייסן צושטעלן, און פון אַלקער האָט זיך גע-טראָגן אַ קרעכצן, אָפּט אַן איינגעהאַלטענער, פאַרביסן די ליפּן, זיך געשעמט פאַר די קינדער און פּלוצים אויסגעבראָכן אין אַ פאַרצווייפלט געשריי, ווי זי וואָלט געוועזן איינע אויף דער גאַנצער וועלט, און ביז איר איז נאָך קיינמאָל קיין יידענע נישט געגאַנגען צו-קינד...

אין הויף האָט מען זיך געצוועקט. אין קאַלטן פינצטערן און רעגנדיקן פאַרטאָג האָבן זיך שאָטנס פון מענטשן אַרומגעבלאָנ-דזשעט, וועלכע האָבן אין דער פינצטער איינע די אַנדערע נישט דערקענט, און זיך יעדע ווײַלע אָנגעשלאָגן אויף די הינט פון הויף, וואָס האָבן זיך היינט פרייער ווי שטענדיק אויפגע-וועקט, געוואָרטשעט, זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס און אָפּגע-ריסן געבילט...

*

נאָך אַ גאַנצן מעת-לעת וואָיען און קרעכצן, אַ קריצן מיט די ציין און ווילדע אוממענטשלעכע קולות פון אַלקער אַרויס, און אויף יענער זייט וועגטל מידע צעשראָקענע און הילפסלאָזע פנימער, וואָס האָבן מיט אַסך צער און ווייטיק זיך צוגעהערט צום אַלקער, זיך געלאָזן שפּאַצירן איבערן שטוב, אַ מינוט זיך פאַרהאַלטן ביים פענצטער און געפּויקט מאָנאָטאָנע אויפן שויב צו אַ שוואַרצע קראָ, וואָס איז איבערן הויף אַדורכגעפלויגן, געפּרוּווט עפּעס שרייבן אויף דער פאַרטויטער גלאָז און באַלד פאַרמעקט און צוריק זיך געלאָזן איבערן צימער, און שטומער-הייט האָט מען געפרעגט און געפאָרשט איינער ביים צווייטן:

— אפשר ווייסטו? אפשר האָסטו געהערט? אפשר האָט דיר ווער דערציילט?

און דער צווייטער האָט שטומערהייט געענטפערט:

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? ווו האָב איך געזאָלט הערן? ווער האָט מיר געקענט דערציילן, אַז איך בין נאָך קיין בר-מצווה נישט געוואָרן.

די קליינע קינדער, וואָס האָבן גאָרנישט געוווסט און גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָבן נאָר צעשראָקן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, געקוקט צו די גרויסע און אַלע ווילע געהאַלטן ביי אויסברעכן אין אַ גרויס געוויין.

מיטאַמאָל איז שבת פאַרטאָג שטיל געוואָרן... אָבער אַזאַ רויקע ליכטיקע שטילקייט, ווי אַ זומערדיקער רעגן, ווען די זון שטייט אויפן הימל פון איין זייט און אַ רעגנבויגן פון דער צווייטער זייט — ווי אַ העלער פרימאָרגן נאָך אַ געוויטער-נאַכט — ווי דער ליבער שבת אַליין, וואָס האָט זיך נאָך פון נעכטן פאַרגאַנגען אַרום שטוב אַרומגעדרייט, און איז קוים ערשט צוזאַמען מיט דעם נייעם לעבן און שטילע בלאַסקייט פון בלייכן פרי-מאָרגן אין שטוב אַריין איינגעשטיגן...

איינציקווייז, אויף די שפּיץ-פינגער, מיט אַ וואַרעמע ליבע און רחמנות, פאַרטריקנטע טרערן אויף די פנימער און אַ שטילע

פרייד אין האַרצן, וואָס קוועלט אָן ווי אַ שוואָם פון מינוט צו מינוט און מאַכט איבערפולט דאָס האַרץ... איז מען געגאַנגען פון שטוב אין אַלקער אַליין, — דאָרט ווו דאָס נאַכט-לעמפל האָט נאָך ווי אַ רויט אויג פון דער נאַכט און פרימאָרגן אַריינגעקוקט, — און אָפּגעגעבן דער מאַמען מזל-טוב...

ליפשע איז גלייך געלעגן מיטן פּנים צו דער סטעליע, מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן און געהערט, וואָס עס קומט פאָר אין צימער. זי האָט אַלעמען דערקענט — אין די שטימען דערקענט, עס האָט איר עפּעס מאָדנע אָפּגעקלונגען, ווי זיי וואָלטן זיך דערטראָגן פון גאָר-גאָר ווייט...

זי האָט אין זיך אַ מאָדנע ווילד גליק געפילט, ווי איינער, וואָס האָט זייער אַ שווערן חלום געזען און האָט זיך פלוצים אויפגעוועקט, ביי זיך אין בעט, ביי זיך אין שטוב צווישן נאָענטע.

און נישט נאָר דאָס געפאַר, וואָס איז אַריבער, נאָר דאָס גרויזאַמע, וואָס איז מער פון געפאַר, וואָס איז פאַר איר די לעצטע צייט אויסגעוואַקסן גרויזאַם, ווי אַ הויכער באַרג, ווי אַ טיפער אָפּגרונט, און ערשט איז זי שוין דעם באַרג אַריבער און דער אָפּגרונט איז הינטער איר געבליבן...

און צוזאַמען מיט דעם גליק פון איבערגעקומענעם האָט אַ ניי גליק אָנגעהויבן פאַרנעמען איר האַרץ, אַ גליק פון דעם געשעענעם, אַ גליק, פאַר וועלכן זי האָט נאָך ביז יעצט נישט געהאַט קיין נאָמען, פאַר וועלכן עס איז ביי איר אין האַרצן נישט געווען קיין פּלאַץ, נאָר מיט דעם ערשטן פּישטש, וואָס דער, וואָס איז נאָר-וואָס פון איר לייב אַרויס, האָט זיך געלאָזט הערן פאַר דער וועלט, האָט זיך דאָס גליק צו איר אין האַרצן אַריינגעריסן, געמאַכט פאַר זיך אַ פּלאַץ, און אָנגעהויבן אַרויסשטופן די באַזעסענע...

זי האָט עס נאָך נישט געזען און געוווּסט, אַז דאָס איז אַ יינגל, און געפילט, אַז ער ליגט אויפן צווייטן בעט איינגעבונדן אין אַ קישן, און כאָטש זי האָט זיכער געוווּסט, אַז זי האָט זיך פון אים באַפרייט און דער נאָפּל איז שוין אָפּגע-

שניטן, — האָט זיך איר דאָך געדאַכט, ווי מ׳וואָלט זי אַליין צעלייגט אויף צוויי בעטן, אַז דאָרט אויף דעם צווייטן בעט ליגט נישט קיין אַנדערער, נאָר זי אַליין, כאָטש מ׳האָט זי פון איר בעט נישט אַוועקגענומען...

— לייזערקע, געפעלט דיר עפּעס דיין נייַ ברודערל? — האָט ליפּשע געפרעגט דאָס קלענסטע יינגל.

לייזערקע האָט נישט געענטפערט, ער האָט אַליין נישט געוווּסט, צי ער געפעלט אים צי נישט, ער האָט נאָר מאָדנע נייגעריק געקוקט אויף דעם רויט-בלוי אָנגעשוואָלענעם באַשעפעניש, וואָס דאַרף אים אָנגיין אַ ברודער, וועלכן ער זעט צום ערשטן מאָל אין לעבן, און ווייסט נישט, ווי ער הייסט און פון וואַנען ער קומט אַהער...

באַלד האָט זיך הינטער אַלעמען פאַרמאַכט די טיר פון אַלקער און ליפּשע איז געבליבן אַליין. זי איז אינגאַנצן געווען צעווייטיקט און שטערבלעך מיד, און האָט זיך געפלייסט איינ-צושלאָפן.

דאָס געשעענע האָט אָנגעהויבן קומען פאַר איר אַלץ דייט-לעכער, — נאָך זיבן יאָר האָט זי געבוירן אַ יינגל, זי האָט מיט דער האַנט אויפגעזוכט אַ ברוסט און געפרוווט אַרויסדריקן מילך, צוויי ווייסע מוטנע געדיכטלעכע טראָפּנס האָבן איר וואַרעם אויפן האַרץ אָנגעטריפט, און אַ פרייד האָט איר אַרומגענומען, אַזאַ ענלעכע פרייד האָט זי נאָר געפילט אפשר ביים ערשטן געבוירענעם קינד. זי האָט נאָך דאָס קינד נישט אָנגעזויגן און פאַרגעסן דאָס געפיל פון געבן זייגן אַ קינד, נאָר פאַרמאַכנדיק די אויגן, האָט זי דאָס געפיל געוואָלט אַרויסרופן, און זיך פאָרגעשטעלט דעם וואַרעמען אָנגענעמען ציטער, וואָס גייט אַדורך, ווען דאָס קינד נעמט די ברוסט אין מויל.

און דאָס זייגן, דאָס שטילע שלינגען מיט פאַרמאַכטע אויגעלעך, אַ שלונג נאָך אַ שלונג, הויבנדיק דאָס גערגעלע אַרויף און אַראָפּ, וועלכן מ׳הערט נישט מיט די אויערן, נאָר מיטן

גאַנצן גוף, וואָס גייט אַדורך פון שפּיץ ברוסט דורכן האַרצן ביזן שפּיץ נאָגל פון גראָבן פינגער...

עס האָט איר פון גליק פאַרכאַפּט דער אָטעם — זי איז איינגעשלאָפן...

*

פון שטוב האָט זיך געטראָגן אַ שטיל און שנעל שעפּטשען. דער עולם האָט געדאַוונט, אָנגעטון שבתדיק מיט די סידורים אין די הענט. די קלענערע צוויי ייִנגלעך האָבן געדאַוונט פון איין סידור, איבער זיי איז געשטאַנען דער מלמד און צוגע-הערט. דעם מלמדס השגחה האָט זיי פאַרדראָסן און באַליידיקט: דער טאַטע האָט שוין מיט זיי דעם זמן אָנגעהויבן גמרא און ער געטרויט זיי נישט דאָס דאַווענען. זיי האָבן זיך גנביש איבערגעוווּנקען און אַריינגעפּאָרן אין „אתה יצרת”, פּונקט ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געוווּסט, אַז דאָס זאָגט מען שבת-ראש-חודש... יעדעס מאָל, ווען די קינדער זענען אַראָפּ פון וועג, האָט זיך דער מלמד אַ כאַפּ געטון מיט אַזאַ אימפּעט, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט וואַרפן חלילה אין ברונעם אַריין...

חיים האָט שוין געהאַלטן ביי דער סדרה — שנים מקרא ואחד תרגום:

ואברהם ושרה זקנים באים בימים חדל להיות לשרה אורח כנשים.

ואברהם ושרה סיבו עלו ביומין פסק מלמהוי לשרה אורח כנשיא.

ותצחק שרה בקרבה לאמר אחרי בלתי היתה לי עדנה ואדני זקן.

וחיכת שרה במעהה למימר בתר דסיבית הות לי עולימו ורבוני סיב.

גיטעלע האָט צוגעקליבן אין שטוב און שבתדיק געגרייט צום טיש. מיט אַ מאָדנע צופרידנקייט, וואָס זי האָט אַלץ אַליין געמאַכט און עס וועט גאָרנישט אָפּגיין, פון אַ ציבעלע מיט

שמאַלץ ביז פעטשאַ און קאַרטאָפל מיט אַ העלדזל אין קוגל. זי האָט נעכטן אין סאַמע טומל געלאָזן קוילן אַ הון און אַריינגעשטעלט אין אויוון אַביסל יויך פאַר דער מאַמען, אויפן אויוון אַ פענדל מילך, איינגעדעקט מיט אַ זאַק.

זי איז געווען אָנגעטון אין אַ ניי סיצן קליידל מיט רויטע און בלויע קווייטן, וואָס האָט אין די ימים-נוראים צווישן די ווייבער פאַרנומען אַן אויג... פון אויבן אַ קורץ פאַרטעכל, די האָר שטייף פאַרפלאָכטן אין אַ צאָפּ, אַזוי שטייף, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אָט וועט איר אויפרייסן דער קאָפּ...

און די צוויי גריבעלעך אין די באַקן האָבן געשמייכלט:— איך בין באַלעבאָסטיטשקע און די גאַנצע שטוב גייט אַדורך דורך מיינע הענט...

## V

נאָכמיטאָג איז מיטאַמאָל שלעכט געוואָרן. צוערשט האָט דאָס די גוייע געהאַלטן בסוד, זי האָט געפּרוּווט אַפּאָר דאָרפישע מיטלען און האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי גרויס עס איז דאָס געפאַר... דערנאָך האָט זי עס פאַרטרויט חיימען און חיים האָט די פּאָר שוואַרצע אויגן פון אונטער די לאַנגע ברעמען גרויס געעפנט און אָנגעקוקט די גוייע מיט דעם לעדער-צעקנייטשט פּנים. ער האָט אַפּאָר מאָל איבערגעחזרט אירע ווערטער — די כאָזאַיקע גייט אָפּ מיט בלוט — און האָט בשום אופן נישט פאַר-שטאַנען, וואָס עס איז צו דרינגען דערפון.

דערנאָך, אַז ער איז געקומען צום פּשט פון די ווערטער, האָט ער, נישט ווינסנדיק אַליין צו וואָס, אויפגעריסן פון די בעטן אַלע קינדער, וועלכע זענען נאָך די צוויי אומרויקע נעכט אַזוי פעסט און גליקלעך איינגעשלאָפן, און אין איין מינוט איז די שטוב פול געוואָרן מיט מענטשן. איינער איז דעם אַנדערן פאַרלאָפן און איבערגעלאָפן און פאַרשטעלט דעם וועג. און פּלוצלינג האָט מען זיך פון שטוב אַרויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און פאַרבראָכענע הענט, און זיך געלאָזן צום שטאַל.

אַסך הענט האָבן דעם וואָגן פון אונטערן אָפּדעכל גע-שלעפּט און נישט אַרויסגעשלעפּט. אַסך הענט האָבן די כאָמוטן די פערד אויף די קעפּ געשטופּט און נישט אַרויפגעשטופּט. און

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פון אַלע זייטן פּאַראָבקעס, גויים און גוייעס מיט הוילע קעפּ און אָפענע הערצער. און ווי אַ שווערע סטאַדע שוואַרצע קראָען האָט זיך די ידיעה איבערן הויף צעפּלאָגן :

— כאָזאַיקאַ אומירא, די בעל־הביתטע איז פּאַרביי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף דער שמאָלער גרעבליע, וואָס האָט זיך געדרייט און געצויגן צווישן די הויפישע און דאָרפישע פעלדער ביזן שטעטל מיט צוויי גראָבנס ביי די זייטן און ווּ־נישט־ווּ אַ לאָזינקע און אַ זשיטשקע בערן־בוימל — האָט זיך געטראָגן אַ הויפישע פור געשפּאַנט צו אַפּאָר שטאַרקע בייכיקע פערד.

באַזיל, אַ גוי אין מיטעלע יאָרן, אַ געטרייער, אַן איבער־געגעבענער, וואָס איז אין דער פערמע געבוירן און ציט זיין יחוס־בריוו נאָך פון דער פּאַנשטשינע, — האָט אָנגעטריבן די פערד. דאָס בייטש־שטריקל האָט ער פאַרלאָרן באַלד אַרויספאָרנ־דיק פון הויף און האָט געשלאָגן מיטן בייטש־שטעקעלע, מיטן גראָבן זייט, אַזוי אומרהמנותדיק, אַז די פערד זענען געשפּרונגען פון די אָגלאָבליעס, צוריקגעשלאָגן מיט די הינטערשטע פיס און געהאַלטן אַ מינוט משוגע צו ווערן.

אַדורכפאָרנדיק די דערפלעך, וואָס זענען געלעגן אויפן וועג, האָבן זיך די פויערן אַרויסגעכאַפּט פון די הייזער — האַלב־נאַקעטע, קינדער אין איינע העמדלעך, זען, וואָס דאָס איז. נאָר ביז זיי האָבן זיך באַוויזן אין דרויסן, האָט זיך שוין די פור געטראָגן ווייטער, ווייט פון דאָרף אַרויס. מען האָט דערקענט, אַז דאָס איז אַ הויפישע פור און פאַרשטאַנען, אַז אין הויף איז געשען עפּעס נישט גוטס...

הינטער באַזילן טיף אין „פּאָלופעשאָק", אויף ווייניק שטרוי, אַז זי האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון וואָגן, איז געזעסן די יונגע כאָזיאַיקע גיטעלע. זי איז געווען איינגעוויקלט אין אַ ווינטערדיקע פאַטשיילע און האָט זיך צוגעהאַלטן מיטביידע הענט ביי די לייטערס זי זאָל נישט אַרויסשפּרינגען פון וואָגן.

זי האָט געוווּסט, אַז דער געפאַר איז גרויס, אַז נישט

וואָלט איר דער טאַטע נישט געשיקט אום שבת אין שטאָט אַריין. זי איז אין גאַנצן געווען אַדורכגענומען מיט דעם געפיל, האָט געזוכט ווערטער פאַר אים און האָט געחזרט, וואָס זי וועט זאָגן דער מומען. — זי וועט נאָכן פאַרן שטעטל אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן און לויפן פאָרויס פאַר דער פור און מיט אַ גרויס געשריי וועט זי אַריינפאַלן צו דער מומען אין שטוב אַריין: די מאַמע איז פאַרביי, מען דאַרף אַ דאָקטאָר! — מיט אַזאַ געשריי, אַז די גאַנצע גאַס וועט פאַרציטערט ווערן.

„די מאַמע איז פאַרביי" — אָט דער געדאַנק האָט זיך, ווי אַ שווערע משא, אויף איר קינדעריש קעפּל אַרויפגעלייגט און איר פאַרטומלט, אַז זי קען קוים פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. עס האָט איר גערוישט אין די אויערן און אירע בליקן האָבן צעשראָקן געבלאָנדזשעט איבער די האַרבסטיקע פעלדער, ווי זי וואָלט געזוכט אַ בילד פאַר דעם אַלעמען, וואָס דאָ קומט פאָר.

דערנאָך האָבן זיך די בילדער אָנגעהויבן מאָלן לאַנגזאַם איינע נאָך די אַנדערע איבער די נאַקעטע שוואַרצע פעלדער, אויפן פאָן פון אַ יונגן בערעזאָוון וועלדל און אונטער די גרויע האַרבסט־הימלען.

אָט איז דער גרויסער אַלקער מיט די רויטע אָבאָיעס, צוויי פאָלירטע יאַסינאָווע בעטן. אויף איינע ליגט די מאַמע מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און אַ געל פנים, אויף דעם אַנדערן בעט דאָס בלוי נפשל צוליב וועמען די מאַמע איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין אַ גרויס געפאַר, און צו וועמען עס האָט זיך ביי איר ערשט אַ מאָדנע שנאה דערוועקט...

צווישן די צוויי בעטן דאָס טישל אויף איין פוס און אַן אויסגעמאָלטע דאָמינגע פון אויבן. קעגן־איבער ביי דער וואַנט די קאָמאָד און די ספרים־שאַפקע. אָט פון דער קאָמאָד האָט מען אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט העמדער, נייע העמדער, און געריסן אויף אָנוטשעס.

זי האָט זיך דערמאָנט דעם טאַטנס צעטומלטן אויסזען, וואָס האָט איר צום וואָגן אָנשטאָט אַ פאַרטשיילע אַרויסגעטראָגן

אַ וואַטענע קאָלדרע. זי האָט נישט ווילנדיק אַ שמייכל געטון און באַלד חרטה געהאַט אויפן שמייכל.

עס זענען איר געקומען פאַר די אויגן די צוויי קלענערע יינגלעך, וואָס זענען פאַרן טיר געשטאַנען און שלעפעריק גע־ריבן די פאַרוויינטע אויגן.

און נאָך די יינגלעך איז איר פאַר די אויגן געקומען שמואל מיט דער צווייג אין האַנט, וואָס איז נאָכגעלאָפן דער פור און געשלאָגן די פערד, ביז זיי זענען אַרויס פון הויף.

נאָר פּלוצלינג האָבן זיך אויף באַזילס פּלייצע, אויף דער גרויער גראָבער סערמיגע, וואָס איז איר די גאַנצע צייט געווען פאַר די אויגן, אַפּאָר ווערטער מאָדנע ווייטיקדיק און שטיל מיט אַ שטילן שריפט אויפגעשריבן און איר פאַר די אויגן געקומען:

די מאַמע איז געשטאָרבן...

פון באַזילס פּלייצע זענען די פּאָר ווערטער מיט דעם זעלבן ווייטיק אַריבער אויף דעם שטיקל צעגראָבן פעלד פון נאָך קאַרטאָפל, און פון פעלד אויף די גרויע שווערע וואָלקנס, וואָס האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע.

די מאַמע איז געשטאָרבן...

ווי אין אַ ברענענדיקן דורשט, ווי אַ דערוויש, וואָס רייסט פון זיך שטיקער, האָט זי זיך פאַר די פּאָר ווערטער אָנגעכאַפּט און ווייטער אַ טריט נישט געקענט מאַכן...

די מאַמע איז געשטאָרבן... זי האָט נאָך אין איר לעבן נישט געזען קיין טויטן און עס איז אויף איר אָנגעפאַלן אַ פאַרלאַנג צו גיין אָננעמען די מאַמעס האַנט אַראָפּלאָזן פון בעט און קוקן, ווי די טויטע האַנט שאָקלט זיך לאַנגזאַם, ווי איין אומרו פון אַ גרויסן וואַנט־זייגער, ביז ער שטעלט זיך איין. דערנאָך אָננעמען ביים ברעג פון אויג, פאַררייסן אים און קוקן לאַנג אין דעם טויט־פאַרגלאָצטן אויג, און דאָס טויטע אויג אויף איר, ווי אַ פאַרגליווערט שטיק לעבן, אין אָנהויב בייז און וואָס ווייטער ווייכער און געטרייער.

„קינד מיינס, מיין יונג יתומהלע"...

פלוצלינג גיט זי אַ לאָז אָפּ די ברעם און מיט אַ גרויס געשריי כאַפּט זי זיך אַריין אין אַ צווייטן צימער...

— די מאַמע איז שוין נישטאָ!..—ווי דאָס איז פאָרגעקומען, ווייסט זי נישט, דער גרויסער טאָפּאָל, וואָס איז ביים זייט וועג געשטאַנען, האָט איר פאַר די אויגן אַ שווינדל געגעבן און — די מאַמע איז שוין נישטאָ...

זי שלאָפט אין דער מאַמעס בעט מיטן קינד און קאָרמעט עס פון אַ סאָסקע... און פלוצלינג איז זי פון גראָבן אויסגעוואַקסן אַ בעל-הביתטע פאַרשפּאַנט מיט אַ גרויסן פאַרטעך...

— גיטעלע, ווי מיינסטו, קאָרן איז היי־יאָר אַ גערעטעניש, יונה מילנער איז געווען און האָט געבאָטן פיר מיט צען,— זאָל מען אָפּגעבן?

— מ׳דאַרף אָפּגעבן!

— גיטעלע, די „זאָזוליע" האָט אָנגעהויבן געבן ווייניק מילך. זי איז אין לייב. לייט שאַצן איר זעקס און אַ האַלבן פּוד, — זאָל מען זי פאַרקויפן?

— ניין, אַ שאָד, אַ יונגע בהמה, זאָל זי נאָך בלייבן.

— גיטעלע, די דאַלינקע, וואָס הינטערן גאָרטן, איז געגאַנגען צוויי יאָר אונטער קאַרטאָפל, אפשר זאָל מען היי־יאָר דורכוואַרפן אַביסל גערשטן און איבער אַ יאָר זי גוט אויסמיסטיקן וועט זיין אויף גרינס?

— איך ווייס, מ׳קען אַדורכוואַרפן אַביסל גערשטן, פאַר־וואָס נישט?

די פאַראָבקעס האָבן פאַר איר אָפּשיי און אַז זי גייט אַריין אין דער אָבאָרע פאַרשעמט זיך דער פאַסטעך... פאַרשעמט זיך די קסעניע... זעצט זיך קסעניע צום מעלקן און דער פאַ־סטעך כאַפּט זיך כלומרשט צובינדן אַ בהמה פּונקט ווי זי וואָלט געווען שלעכט געבונדן.

זי טוט אַלץ אַליין אין שטוב. זי האָט פיינט, אַז מ׳העלפט איר... זי האָט אויסגעהאָדעוועט אַ בחור מיט רויטע באַקן, און אַז דער טאַטע קומט אין שטאָט אַריין רעדט ער מיט דער

מומען נאָר פון איר, אַלץ פון איר, ער ווייסט גאָרנישט, וואָס ער וועט טון, ווען גאָט וועט איר צושיקן דעם אמתן זיווג...

פלוצלינג האָט זי פונדערווייטנס דערזען דעם געלן שפּיץ פון שטאָט־קלויסטער און אירע בליקן זענען צוריק אַרויפגעפאַלן אויף באַזילס ברייטע פלייצע מיט דער גרויער סערמיגע. זי האָט זיך דערמאָנט וווהין זי פאָרט... און עס איז איר מאָדנע ווייי געוואָרן. אַ חרפּה און אַ באַליידיקונג:

„זי, די איינציקע טאָכטער, בעט אויף דער מאַמעס טויט"...

עס זענען אַרויפגעשווומען און דורכגעגאַנגען פאַר איר אַלץ מיט וואָס זי האָט ווען עס איז געזינדיקט קעגן דער מאַ־מען. זי געדענקט, ווי איינמאָל, ווען די מאַמע איז נאָך אַרומ־געגאַנגען מיטן הויכן בויך און בלוי־אָנגעשוואָלענע ליפּן, האָט זי זיך פאַרמאַכט אין אַלקער, האָט אונטערגעלייגט אַ קליין קישעלע אויפן בויך, פאַרריסן דעם קאָפּ אויף הינטן און זיך געוואָלט פאָרשטעלן טראָגעדיק. לאַנג איז זי אַזוי אַרומגעגאַנגען — קיינער איז נישט געווען אין שטוב, זי האָט זיך אַלץ פאַרריכט אין שפּיגל און זיך געקרימט זי זאָל האָבן מער ענלעכקייט צו דער מאַמען. זי האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט, אַרויפגעלייגט די הענט אויפן בויך און זיך פאָרגעשטעלט, אַז זי האָט שוין חתונה געהאַט. זי האָט אַ מאַן. ווי הייסט דער מאַן? טעוול, הייסט ער, — די מומע אין שטאָט האָט אַ יינגל, אירס אַ ראָ־וועסניק, הייסט ער טעוול — זיי ווינען אין שטאָט און האָבן אַ קראָם. די קרעמערקע איז זי, נאָר ווייל זי איז ערשט אין אַכטן חודש און פילט זיך שוואַך — שטייט ער אין קראָם און קומט צו לויפן אַלע ווײַלע זען, וואָס זי מאַכט, און בעט זיך ביי איר: זע, גיטעלע, נעם עפּעס אַ דערקוויקונג — אַביסעלע איינגעמאַכטס, אַ קאָפּ מאַלינאָוון סאָק...

זי האָט זיך ערשט געשעמט, פאַר זיך אַליין געשעמט. עס האָט איר אַרומגענומען אַ פאַרדרוס און אַ ווייטיק ביז צום וויינען. און באַלד איז דער פאַרדרוס אויסגעוואַקסן אין אַ שרעק: גאָט ווייסט, וואָס דאָרט אין דער היים קומט פאָר. זי

האָט זיך האָסטיק פון אָרט אויפגעכאַפּט, איז צוגעפאַלן צו באַזילן און האָט אים ביים גראָבן אַרבל פון דער סערמיגע געוועקט, געריסן ווי אַ טויטן:

„באַזיל, העי באַזיל! סקאָזשי אַ כאָזאַיקאַ שטשע זשיע?"*)

זי האָט דעם קאָפּ פאַרוואָרפן צו אים אויף דער סערמיגע און אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין...

באַזיל האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט נאָר פאַר זיך שטילערהייט געמורמלט:

„אַ כיבאַ יאַ זנאַיו, אַ בוג זנאַיע, אַ כיבאַ יאַ זנאַיו"**)

און האָט זיך געצלמט.

ער האָט מיט אַסך מיטלייד און פאַרדרוס געקוקט אויף דער יונגער כאָזאַיקע. אָט ווי לאַנג איז, אַז ער האָט איר געהאַלטן אויפן האַנט, ווי לאַנג איז, אַז די מאַמע אירע איז אַהער געקומען:

„טאַקאַ האַרנאַ, טאַקאַ ביעלאַ"***)—האָבן די דויקעס גערעדט אין הויף, און ערשט וועט ער איר אָפּפירן אין שטאָט, אַזוי ווי ער האָט אָפּגעפירט דעם אַלטן כאָזאַין און כאָזאַיקע, אַהין פון וואַנען מ'קומט שוין מער נישט צוריק...

„אַ כיבאַ יאַ זנאַיו, כאָזאַיטשקאַ, אַ בוג זנאַיע, אַ כיבאַ יאַ זנאַיו"...

דאָס האַרץ האָט אים שלעכטס געזאָגט, אָבער וואָס קען ער זאָגן דעם קינד...

---

*) זאָג, לעבט נאָך די בעל־הביתטע?

**) צי ווייס איך, גאָט ווייסט, צי איך ווייס.

***) אזא שיינע, אזא ווייסע

# V I

ליפשע האָט זיך אין אַ לייכטן דרימל עטלעכע מאָל גע-
וועקט און צוריק מיד פאַרשלאָסן די אויגן.

די ווײַלע, וואָס זי האָט די אויגן אָפן געהאַלטן, האָבן זיך פאַר איר געטראָגן ליבע באַקאַנטע געזיכטער, וואָס האָבן אויף איר געקוקט מיט אַזוי פיל ליבע און געטרייסשאַפט, אַז פאַרמאַכנדיק צוריק די אויגן האָבן זיי נאָך לאַנג געשוועבט פאַר איר און האָבן איר מאָדנע וואַרעם און לייכט געמאַכט.

דער שבתדיקער האַרבסטיקער טאָג האָט שוין געהאַלטן אין צווייטן העלפט און האָט לאַנגזאַם רויק און אָנגעברוגזט זיך געצויגן אַלץ אַראָפּ, צום פאַרנאַכט און צום מערב.

עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט, אין דרויסן האָט מען אָנגעטרונקען די שטיקלעך און פאַרלייגט „מישינקע״ אויף ביינאַכט.

דער זשוראַוועל פון גרויסן ברונען האָט לאַנגזאַם אומעטיק זיין איינטאָניק לידל געצויגן. די שטיקלעך, וואָס זענען דעם גאַנצן טאָג געשטאַנען צוגעבונדן, זענען געווען אומרויק און האָבן אומגעדולדיק אָפּגעשטופּט איינע די אַנדערע, בייז געניידערט די קעפּ און אַריין אין אַ געשלעג.

נאָר די פאַסטעכער, וואָס האָבן געוווסט, וואָס אין שטוב טוט זיך אָפּ, האָבן עס נישט פאַרטראָגן, האָבן זיך אויף דער געשלעגעריי מער ווי שטענדיק געבייזערט און געשאָלטן:

— סטאַי, סטאַי! אַנו טעבע וואָלקי!*)

אין שטוב איז קאַלט געוועזן און באַנק. די קינדער האָבן שטיל געזאָגט תהילים און מיט אומרויִקייט זיך צוגעהערט צום דרויסן, טאָמער קומט די פּור.

חיים האָט מאָדנע אומגעדולדיק און שטיל אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרומגעדרייט איבער די צימערן — פון שטוב אין אַלקער, פון אַלקער אין שטוב און צוריק אין אַלקער. ער האָט זיך לענגער אָפּגעהאַלטן ביי ליפשעס בעט און האָט מיט פיל מיטלייד געקוקט אויף ליפשעס בלייך פּנים און אויף דעם בלויען אָדער, וואָס האָט ביי איר אויפן שטערן געציטערט.

ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט איר יאָרן לאַנג נישט געזען און האָט יעצט דערזען אַזעלכעס, פון וואָס ער האָט ביז יעצט נישט געוווּסט און אויף וואָס ער האָט זיך גאָר-נישט געריכט...

ער געדענקט נישט, ווען ער האָט אַזוי געקוקט אויף איר ווי ערשט, און האָט דערזען, אַז זי איז אַלט געוואָרן, מיט אַ גע-קנייטשטן שטערן און זילבערנע ווייסע האָר פון אונטערן ווייסן טשיפּיק אַרויס. זיי זענען ביידע אַלט געוואָרן און ער האָט קוים פאַרשטאַנען, ווי אַזוי דאָס איז געשען.

ליפשע האָט נאָכאַמאָל די אויגן האַלב אויפגעמאַכט, פון שטוב האָט זיך געטראָגן אַ שטיל שעפּטשען: — תפילה לעני כי יעטף...

אַ ווײַלע האָט ליפשע געזוכט מיט די אויגן און האָט זיך אָן קיין זאַך נישט געקענט אָנכאַפּן, דערנאָך איז פאַר אירע אויגן אויף דער ספרים-שאַפקע, איבער די זילבערנע רוקנס פון ווילנער ש״ס, חיימס געזיכט מיט דער שוואַרצער באָרד אַרויס-געשוועמען. זי איז נישט זיכער געוועזן, צי זי זעט אים צי עס דאַכט זיך איר נאָר.

חיים איז צו צום בעט. ער האָט איר אָנגענומען ביי דער האַנט און געפרעגט, וואָס זי מאַכט. איר האַנט איז קאַלט

*) שטיי, שטיי, זאָל דיר די וועלף!

געוועזן און האָט זיך אין חיימס האַנט מאָדנע שאָרסקע און וואַרעם געפילט.

— חיים, — האָט זי געזאָגט, — דאָס ביסטו?

זי האָט געוווסט, אַז דאָס איז חיים, נאָר זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און צופרידן געווען, וואָס עס האָט זיך ביי איר דווקא דאָס אַרויסגערעדט.

עס האָט זיך איר געוואָלט איבערחזרן און האָט זיך גע-שעמט...

זי האָט נאָר שטיל אין זיך די פּאָר ווערטער געחזרט און האָט פּלוצלינג אין די פּאָר שטילע ווערטער אַזאַ נאָענט-קייט און געטריישאַפט דערפילט, ווי אויף מאָרגן נאָך דער חופּה.

— ליפּשע, — האָט חיים געזאָגט, — גאָט וועט העלפן, גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער. דאָס קול האָט אים געציטערט. זי האָט דייטלעך געהערט: „גאָט וועט העלפן", און האָט נישט קלאָר פאַרשטאַנען, צוואָס מען דאַרף גאָטס הילף און פאַרוואָס שטייען חיימען טרערן אין די אויגן. נאָר עס איז איר גוט גע-ווען, זי ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס...

די קאַלטע חשוונדיקע זון, וואָס איז אויף אַ ווײַלע פון אונטער אַ מוטנעם וואָלקנדל אַרויסגעשוואומען, האָט מאָדנע קאַלט און פאַרנאַכטיק אין צימער אַריינגעקוקט און באַלויכטן ליפּשעס לייכט שמייכל, וואָס האָט נערוועז ביי איר אויף די ליפּן געשפּילט.

ליפּשען איז גוט געווען. אָט דערפון, וואָס חיים שטייט לעבן איר, און דערפון, וואָס זי ווייסט, אַז דאָס איז חיים, און דערפון, וואָס זי ווייסט, וואָס חיים איז פאַר איר.

נאָך איז איר גוט געווען, וואָס זי פילט אַלע קינדער אַרום זיך. זיי זענען כסדר אַדורכגעגאַנגען פאַר אירע אויגן און האָט יעדן אין זיך אָנגערופן ביים נאָמען, אויסער דעם, וועלכן זי האָט נאָך נישט געזען און וועלכער עס האָט נאָך נישט קיין נאָמען.

און פּלוצלינג האָט זי דערפילט, אַז אָט טאַקע וועגן דעם

האָט זי עפּעס נייטיקס צו רעדן מיט חיימען, נאָר עס האָט זיך נישט גערעדט...

זי האָט געוווסט, אַז עס רעדט זיך נישט, און דעריבער האָט זיך אין דעם שמייכל, וואָס האָט געשפּילט איבער די ליפּן, אַ ווייטיק אַריינגעוועבט און אויפן פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ רויטקייט.

נאָך אַ ווײַלע האָט זיך איר געדאַכט, אַז גאָר-גאָר ניי-טיק האָט זי צו רעדן אָט וועגן דעם, ווען זי האָט נאָך נישט געזען און וועלכער האָט נאָך נישט קיין נאָמען, אַזוי נייטיק — ביז שמערץ. און עס האָט זיך נישט גערעדט.

דערנאָך האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם עלטערן, אָן דעם, וואָס האָט מיטן שווער שותּפות אַ געשעפט. פון חול-המועד-פּסח האָט זי אים נישט געזען. און באַלד האָט זי זיך מאָדנע גע-וווּנדערט, פאַרוואָס מען זעט עפּעס נישט גיטעלען. זי האָט די פאַרוווּנדערונג געוואָלט אַרויסזאָגן, נאָר עס האָט זיך נישט געזאָגט.

מיטאַמאָל איז די רויטקייט, וואָס האָט אַ מינוט געשפּילט אויפן פּנים, פאַרשוווּנדן. די בלויע ליפּן זענען בלייכער געוואָרן און דאָס געזיכט האָט אָנגענומען איין קאָליר מיט דעם קישן אויף וועלכן זי איז געלעגן. נאָר די האַנט, וואָס איז אַ צייט געלעגן אין חיימס האַנט, איז געווען דערוואַרעמט און האָט געטראָגן פּאָפּעראָק איבער די פינגער פיר רויטע צייכנס פון זיינע פינגער...

עס האָט איר געקעלטערט. זי האָט די האַנט צו זיך צו-גענומען. און באַלד האָט איר פון קעלט אַדורכגענומען אַ דרימל. זי האָט זיך איינגעטוליעט און אינגאַנצן זיך איבערגעגעבן אין זיינע הענט...

— טראַ-טאַ-טאַ, טראַ-טאַ-טאַ—

האָט איר געקלונגען אין די אויערן. עס האָט זיך איר פאָרגעשטעלט אַ חתונה. דער קאַרשן-סאָד איז ברייט צעוואַקסן און פול מיט ווייסע קאַרשן-בליטן, און טיף פון סאָד אַרויס טראָגט זיך דאָס שפּילן פון די כלעזמער. עס איז זיי נישט צו-זען, נאָר זי ווייסט, אַז דאָס איז שעפּסל מיט דעם פידל, וואָס

ברענגט אַפילו מאַנסבילן צו טרערן. קירבעס בדחן מיט דעם פּייקל און אַ קליינער פּוזאַטער יאַט מיט גראָבע באַקן, וואָס בלאָזט אין טראָמפּייט: טראַ-טאַ-טאַ, טראַ-טאַ-טאַ.

אויבן איבער איר האָבן זיך די הימלען העל אויסגע-שטערנט. זיי זענען נידריק איבערן קאָפּ און הוידען זיך, ווי פון ווינט. דעריבער איז איר מאָדנע פריילעך און קאַלט-ליכטיק. אַזאַ ווייסע קאַלטע ליכטיקייט, אַז זי ווייסט נישט, צי עס איז טאָג צי נאַכט.

אָט האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן מחותנים, געסט, טאַטע-מאַמע, שווער און שוויגער. אַלע זענען מיט ווייסע בליטן, ווי מיט אַ שניי באַשאָטן. און אָט איז דער ברודער עלי. זי האָט אים שוין לאַנג נישט געזען און ווייסט, אַז דאָס איז עלי.

נאָר פאַרוואָס זענען זיי אַזוי אומעטיק און האַלטן זיך אַלץ פינגדערווייטנס?...

פלוצלינג הערט זיך אַ קול פון סאַד אַרויס:

— זאָל מען אַריינפירן די כּלה!

קומען צו איר צו ווייבער און רינגלען איר אַרום. גלעטן איר און פלעכטן איר אויף די האָר אין צוויי לאַנגע צעפּ, דעקן איר איבער דאָס פּנים און ווילן איר פירן...

וויל זי נישט גיין. איך האָב, זאָגט זי, אַ ברעקל קינד ביי דער ברוסט און קליינע קינדער זיי אַ מאַמען צו זיין.

ווערט צווישן די ווייבער אַ גרויס געוויין, און אַז דער געוויין שטילט איין קומט צו די מאַמע און זאָגט:

— קינד מיינס, גיטעלע וועט די קינדער אונטערהאָדעווען און זיי אַ מאַמע זיין. עס איז אַזאַ גזר-דין אַרויס און מען קען זיך קעגן זיין ליבן נאָמען נישט אַנטקעגן שטעלן און מען דאַרף נישט האַיען. אָט, זעסטו, זענען אַרויס די אמהות און מרים הנביאה דיך מקבל פּנים זיין און מען קען זיי נישט לאָזן לאַנג וואַרטן, עס איז נישט קיין דרך-ארץ...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

## VII

עס איז שוין געוועזן נאָכן שלאָף. דער שטעטלדיקער מאַנסבילשער עולם האָט זיך געוועקט, ברייט געגענעצט און פויל געוועזן אין דער קעלט.

מען האָט אָפּגעגאָסן נעגל-וואַסער און אויסגעווישט די אויגן פון נאָכן שלאָף — פּראָסטע יידן מיטן גאַנצן הויפן און איידעלערע יידן מיטן שפּיץ פון קליינעם פינגערל, פאַרטריבן דעם שלאָף און זיך געצויגן אין בית-מדרש אַריין.

עלטערע ווייבער, וואָס זענען שוין אַדורכגעגאַנגען טראָגן, האָבן, האָדעווען און אויסגעבן, האָבן די ברילן אין קרבן-מנחה געלייגט, דעם קרבן-מנחה אין פאַטשיילקע איינגעבונדן, פאַרשלאָסן די טיר און נאָכגעגאַנגען דעם מאַן אין בית-מדרש אַריין צו „אתה אחד"...

מאַנכע האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט פאַרשפּעטיקט, האָט זי זיך צוגעאיילט, געפילט שולדיק און גייענדיק געשמועסט מיט גאָט, ווי מיט אַ היימישן. אים מפייס געווען און מקטרג געווען אויפן זינדיקן חומר.

ייִנגערע ווייבער, וואָס האָבן נאָך זייערע מצוות, זענען אינדערהיים געבליבן אַכטונג צו געבן אויף דער שטוב און אויף די קינדער. וועלכע עס האָט אַריינגעקוקט אין טייטש-חומש און עס האָט איר הנאה געטון, וואָס גאָט-ברוך-הוא האָט זיך

דערמאָנט אָן שרהן און געטון צו איר אזוי ווי ער האָט גערעדט.

און וועלכע עס איז אַריבער צו א שכנה אויף א שמועס, מיטגענומען די קינדער און דורכן פענצטער געוואָרפן אַ בליק אויף דער שטוב.

גיטעלעס מומע, ביילע, איז געזעסן ביים פענצטער, דער צאינה־וראינה אויף די קני, און נישט ווייסנדיק פאַרוואָס האָבן אירע בליקן געצויגן צום פענצטער און אין דרויסן.

די גרעסערע מאַנסבילן זענען שוין געווען אין בית־מדרש. דאָס זעכצן־יאָריקע מיידל האָט באַלד נאָכן וואַרעמעס אויסגעקערט די שטוב, אויסגעשאָטן מיט געלן זאַמד, אויפן טיש איבער דעם גראָבן גרויען טישטעך פאַרשפרייט דעם וולוטשקענעם סערוועט מיט די בלויע און רויטע רעדער — איר אַרבעט,— און האָט זיך אַרי־בערגעכאַפּט צו ברוך דעם קרעמער, ווו מען האָט זיך מיט נאָך מיידלעך פאַרמאַכט אין אַלקער און געלערנט טאַנצן אַ קאַדריל.

דאָס קליינוואַרג האָבן באַלאַגערט די טיר פון אַלקער, געקוקט דורך די שפּאַרעס פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דער ניגון פון קאַדריל:

— לאַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ.

אַרום ביילען האָבן זיך אַרומגעדרייט צוויי פון די קלע־נערע יינגלעך, וועלכע מען האָט צוליב דער קעלט נישט מיט־גענומען אין בית־מדרש. עס איז זיי געווען לאַנגווייליק און האָבן פון איר געריסן שטיקער, פאַרוואָס מען לאָזט זיי נישט מיט דער שוועסטער צו די טענץ. זי האָט שוין זיי אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע קיכל און ווערט זיי נישט פּטור. זי האָט זיי גע־שלאָגן איבער די הענט, געטריבן פון זיך און געשאָלטן שונאי־ציון. און אַז זיי האָבן איר אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון געדולד, האָט זי דעם גרעסערן געגעבן אזאַ קניפּ, אַז ער איז זיך א מינוט פאַרגאַנגען און א לאַנגע צייט נאָכדעם גערעוועט מיט אַ מגושמדיק קול און מיט אַסך ראָץ פון נאָז, אַז זי האָט זיך פאַרשאָלטן דאָס לעבן, און האָט אים קוים איינגענומען מיט אַפּאָר טרוקענע באַרן.

זי האָט שוין עטלעכע מאָל אָנגעהויבן די סדרה:
— דער בחיי שרייבט: כחום היום — עס איז געווען דער דריטער טאָג צו אברהמס מילה, וואָס מען איז כּידוע זייער שוואַך, האָט גאָט-ברוך-הוא אַרויסגענומען די זון פון איר פּוטער-פאַס, כּדי נישט מטריח צו זיין דעם צדיק מיט הכנסת-אורחים.

— וירא והנה שלשה אנשים נצבים — דאָס זענען געווען דער מלאך מיכאל, רפאל און גבריאל. איינער איז געקומען אָנ-זאָגן שרהן, איינער איבערקערן סדום און איינער מציל זיין לוטן — דערפון איז געדרונגען, אַז איין מלאך קען נישט טון קיין צוויי שליחות...

און זי קען ווייטער נישט גיין.

אַ גאַנצע וואָך איז מען פּאַריאָגט, ווי אַ פערד אין וואָגן. נאָר ערשט האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער פּערמע, אָן ליפּשען, אָן דער צייט אין וועלכע ליפּשע שטייט ערשט, אָן איר שמועס מיט חיימען איירערנעכטן וועגן ליפּשעס שוואַך געזונט, און איז געוואָרן אומרויִק.

— כחום היום — עס איז געווען דער דריטער טאָג...

— מאַמע, דעם פּעטערס פור פאָרט! — האָט דאָס קלע-נערע ייִנגל אויסגעשריגן פון פענצטער ווו ער איז געשטאַנען און געמאָלן פּייגעלעך אויף דער שויב.

ביי ביילען האָבן זיך האָסטיק געגעבן אַ לאָז אַראָפּ די הענט און דער צאינה-וראינה האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון שויס. זי איז צוגעפאַלן צו דער שויב.

פונדערווייטנס האָבן זיך געזען טראָגן אַפּאָר פערד גע-שפּאַנט אין וואָגן. דאָס ייִנגל דערקענט די פערד און שווערט אויף זיינע נאמנות: אָט דער, וואָס אין די אָגלאָבלעס, איז דער רויטער מיט דער ליסענע אויפן פנים, און ביים אָרטשיק דעם דעריש, וואָס האָט אַ גוליע אין זייט — אַ שטאָך פון אַ בהמה.

אָט זענען זיי אַריבער די רעלסן און זיך גענומען מיט דער גרעבליע. און איידער גיטעלע האָט באַוויזן אַ־ייִנצוקומען

אין גאַס, איז שוין ביילע געווען אינדרויסן מיט גרויסע קולות און פאַרבראָכענע הענט.

אַרום איר האָבן זיך געקליבן ווייבער, קינדער, די מיידלעך, וואָס האָבן אינמיטן דעם טאַנץ איבערגעריסן. ווי אין אַ שרפה האָט מען זיך פון די הייזער אַרויסגעבראָכן מיט אָפענע טירן הינטער זיך. מען האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָ איז, נאָר פאַרשטאַנען, אַז דער אומגליק איז גרויס און מיטגעשריגן.

די ערשטע האָט ביילע געכאַפּט אַ פּאַטשיילע און זיך געלאָזן לויפן. נאָך איר איז געלאָפן גיטעלע, ווי זי וואָלט איר נישט אָנגעטרויט.

און באַלד האָט זיך אַ שכנה דערמאַנט, אַז די, וואָס איז פאַרביי, און צוליב וועמען מען האָט דאָ מחלל-שבת געווען, איז נישט קיין אַנדערע, נאָר ליפשע, וואָס האָט שוין אין איר לעבן אַזויפיל גוטס געטון, האָט זי געלאָזן די שטוב און קינדער אויף הפקר און מיטגעלאָפן.

נאָך איר האָט זיך איינע געכאַפּט, אַז זי שטייט אינמיטן גאַס ווי אַ גלאָמבּ, האָט זי אַ זעץ געטון מיט ביידע הענט אין קאָפּ און זיך געלאָזן זיי דעריאָגן.

און פינף ווייבער מיט פאַרבראָכענע הענט און מענה-לשון אין מויל, נישט וויסנדיק איינע פון די אַנדערע, זענען דורך די גאַסן געלאָפן צום דאָקטאָר, ווי אַ סטאַדע שאָף, וועהין עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ וואָלף.

נישט לאַנג האָט געדויערט און מען איז צוריקגעגאַנגען און געפירט מיט זיך דעם דאָקטאָר, ער זאָל זיך זעצן אויף דער פור.

דער דאָקטאָר, אַ יידישער יונגערמאַן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל איבער דעם שוואַרץ-שפּיציקן בערדל, אַ פּשוטער, אַ באַריידעוודיקער, מיט אַ בית-מדרש-וויץ, ווי מען האָט ליב, אַז אַ דאָקטאָר זאָל זיין,—האָט אויסגעזוכן געפאַנגען צווישן די ווייבער. ער איז בלייך געווען און זיך געלאָזן פון זיי פירן, וועהין זיי האָבן אים געפירט.

צו די ווייבער, וואָס זענען אים אַנטקעגנגעלאָפן, זענען

אויפן וועג צוגעקומען משפּחה און באַקאַנטע, ווייבער פון די הייזער און מאַנסבילן פון די בתּי־מדרשים, וואָס האָבן זיך נאָר־וואָס דערוווּסט פון דעם אומגליק.

מען האָט דעם דאָקטאָר שטייף אַרומגערינגלט, געלאָפן פּאָראויס און געשפּרונגען אים אַנטקעגן, גערעדט און איבערגע־שלאָגן איינער דעם אַנדערן, און אים דערציילט, אַז ער זאָל וויסן, וואָס פאַר אַ רייכע מענטשן דאָס זענען און וואָס פאַר אַ טייערע מענטשן דאָס זענען און וואָס פאַר אַ צדקת די יידענע איז — ביז מען איז צו צו דער פור.

*

לעבן דער פור, פאַרן שטוב איז געשטאַנען נאָך אַ הויפיש פערד געזאָטלט. דער יונגער שייגעץ, וואָס איז אויפן פערד געקומען צו רייטן, האָט מאָדנע ווילדע צעשראָקענע אויגן געהאַט. ער האָט געציטערט אינגאַנצן, און דערזעענדיק גיטעלען האָט ער נאָר צוויי ווערטער קוים אויסגערעדט:

— נימאַ כאָזאַיקי...

# VIII

דער קורצער שבתדיקער טאָג האָט שוין געהאַלטן צו ענ־דע. אַ לעצטער ברודיקער רויטלעכער שטראַל האָט דורך דעם פאַרטויטן פענצטער און דורך דעם נאַקעטן קאַרשן־בוימל, וואָס איז פאַרן פענצטער געשטאַנען, זיך אַריינגעריסן אין צימער, האָט זיך אויסגעלייגט אויפן בעט און געשפּילט איבער ליפשעס טויט פּנים און האַלב אָפענע אויגן.

אין דרויסן האָט געווינטיקט און דער טונקעלער שאָטן פון דעם נאַקעטןביימל האָט אַלץ מיטאַנאַנדער אין דעם שיין, וואָס איז אויף ליפשעס פּנים געלעגן, געמיניעט, געפאָכעט, ווי ער וואָלט קאַפּריזנע אוזאָרן געמאָלן.

מינוטנווייז האָט זיך דאָס ברודיק רויטע מיט דעם געלן טויט אַזוי האַרמאָניש אויסגעמישט און באַקומען אַ בלייך ראָ־זעוון לעבעדיקן קאָליר, — ווי ליפשע וואָלט נאָך געלעבט און איז איינגעשלאָפן.

קעגנאיבער, אויף דעם צווייטן בעט, אין שאָטן, איז גע־לעגן דאָס יונגע לעבן, וועלכעס ליפשע האָט מיט איר טויט אויף דער וועלט געבראַכט — געבונדן אין אַ גרויסן קישן און שטיל געעטעמט אין שלאָף.

פאַרנאַכט האָט אים אַ גויע, וואָס האָט געהאַט אַ קינד ביים ברוסט, אָנגעזויגן, און ער איז אַזוי גליקלעך איינגעשלאָפן,

— עס וואָלט זיך גאָרנישט געגלייבט, אַז צוקאָפּנס פון אָט דעם באַשעפעניש שטייט אַ גרויס אומגליק, וועלכן ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, גלייך ווי ער האָט דאָס ערשטע מאָל אויף דער וועלט די אויגן געעפנט...

לעבן דער טויטער זענען געזעסן דער שמיד מיט דער שמידיכע פון דעם שכנישן דאָרף, שטייף די הענט פאַרבראָכן און פאַרביסן געשוויגן. זיי האָבן זיך דערוווּסט און געקומען אָפּגעבן מזל־טוב און האָבן איר שוין נישט דערווישט.

— ליפשע, ליפשע! פאַרוואָס? פאַרוואָס? אָט די גראָבע שותּפטע מיט דעם סאָלדאַטסקן פּנים לעבט און איז געזונט, און ליפשע, די שטילע, די צדקת, די קלוגע ליפשע ליגט דאָ טויט...

אַ פאַרשפּעטיקטע פערדישע פליג, די איינציקע, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין שטוב, האָט איינגעגעסן געזשומעט און אַרומגעטאַנצט דער טויטער אויפן פּנים פון דעם האַלב־אָפן אויג צו די געשוואָלענע ליפּן און צוריק צום אויג.

צוערשט האָט דאָס די שמידיכע נישט געליטן און האָט זיך לאַנג מיט דער פליג געראַנגלט, געוואָלט זי אַוועקטרייבן מיטן עק פון דער פאַטשיילע. דערנאָך האָט זי צורו געלאָזן און זיך צוריקגעזעצט.

דער שמיד האָט אָנגעהויבן זאָגן „אשרי תמימי דרך”... — פון אויסנווייניק. נאָר באַלד האָט ער איבערגעריסן, אַ רגע האָט ער געשוויגן, זיך פאַרטראַכט און איבערגעפרעגט:

— נעכע, וואָס זאָגסטו אויף דעם?

ער האָט געוווּסט, אַז נעכע האָט אויף דעם גאָרנישט וואָס צו זאָגן, און ווייסט אַליין נישט צו וואָס ער האָט דאָס געפרעגט. און אין דער מינוט איז נעכען געקומען אויפן געדאַנק די צוויי בייטן גאָרטן, וואָס ליפּשע פלעגט איר געבן יעדעס יאָר אויף גרינס, און דער שמועס מיט ליפשען ערשט יענע וואָך וועגן ווינטערניש פאַר דער קאַלב — דער גאַנצער שמועס איז איר לעבעדיק געשטאַנען פאַר די אויגן. און אין דער מינוט איז זי זיכער געווען, אַז צוזאַמען מיט ליפשען איז אַלץ פאַרשוווּנדן...

אי די צוויי בייטן גאָרטן, אי דאָס ווינטערניש פאַר דער קאַלב, און ווער ווייסט, ווי עס וועט נאָך האַלטן מיט פּאַשע פאַר דער בהמה?

און כאָטש ער האָט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש געטראַכט, האָט זיי ביידן גלייך די זאַך אויסגעזען עפּעס מאָדנע, אַזוי מאָדנע.

אין צווייטן צימער איבערן ווענטל זענען געווען דער טאַטע מיט די פינף יינגלעך און דער מלמד.

אין אָנהייב האָט מען געשריגן, אַזוי געשריגן, אַז דאָס גאַנצע הויף פאַראָבקעס האָבן זיך אַרום די פענצטער געקליבן מיט טרערן אין די אויגן און זיך געצלמט: — באָזשע מאָי, באָזשע מאָי!*)

דערנאָך האָט מען שטיל געוויינט און ווידער געשריגן און מיד געוואָרן, ערשט האָט מען שטיל כליפּנדיק געזאָגט תהילים. דער עלטערער האָט פאָראויס געזאָגט און די קלענערע האָבן נאָכגעזאָגט — פּסוק-ביי-פּסוק, ווי פון שלאָף, ווי נישט זיי אַליין, נאָר עמיצער וואָלט פון זיי אַרויסגערעדט.

*

אָט איז אויך דער לעצטער ברודיקער שטראַל אויסגעגאַנגען און דער לעצטער טאָג אין ליפשעס לעבן, וואָס איז אַזוי לויטער אויפגעגאַנגען, איז פאַרשוואונדן אין נעפּל, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיין נישט אויסגעהאַלטנקייט, פאַר זיין לייקענען, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט פרייד און אויסגעלאָזן מיט אַ גרויס אומגליק...

ביי די פאַראָבקעס אין די הייזלעך האָבן זיך פייערלעך געצונדן. באַזיל, וואָס האָט געזאָלט פון שטאָט ברענגען דעם דאָקטאָר, איז שוין צוריק געווען. ער האָט אויף זיין אייגענע דעה צורעכט געמאַכט דעם וואָגן, געשמירט די רעדער, אַסך

*) גאָט מיינער, גאָט מיינער!

שטרוי אָנגעבעט, אויף וועלכן ער וועט דער כאָזאַיקע צום לעצטן מאָל אָפּפירן אין שטאָט אַריין.

ווען אין שטוב איז פינצטער געוואָרן האָבן די קינדער אַוועקגעלייגט די תהילימס, זיך איינער צום אַנדערן צוגעטוליעט אויף דער קאַנאַפּע און שטיל געבליבן. אין דער פינצטער האָט דער עלטערער אויפגעזוכט גאָר דעם קלענערן, צו זיך אויפן שויס גענומען, צוגעלאַשטשעט און שטיל ווייטיקדיק, ווי ער וואָלט אים דערציילט אַ נייעס, האָט ער אים איינגערוימט:

— לייזערקע, נישטאָ די מאַמע.

און ווי אַ נייעס פון וואָס מען האָט ביז ערשט נישט געוווּסט, האָט זיך דער סוד אַדורכגעטראָגן איבערן צימער. און אַלע קינדער, טוליענדיק זיך אין שרעק איינער צום אַנדערן, האָבן דעם סוד אויפגעכאַפּט און הויך זיך פונאַנדערגעוויינט.

און דאָס פרעמדע ייִנגל, דער מלמד, האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז נישט זיין מאַמע איז געשטאָרבן, האָט ער אויך מיטגעוויינט און האָט זיי אַלעמען איבערגעוויינט.

לאַנג האָט מען אַזוי געוויינט אין דער פינצטער ביז מען איז מיד געוואָרן און אַנטשוויגן געבליבן.

די קלענערע קינדער זענען איינגעשלאָפן און אין שטוב איז מאָדנע שטיל געוואָרן.

די שטילקייט מיט דעם בין-השמשות האָבן געשטיגן האַנט-ביי-האַנט, ווי געטרייע שוועסטער. נישט צו וויסן ווער איז דאָ פריער און ווער איז דאָ עלטער און ווער דינט ביי וועמען, — צי די שטילקייט מאַכט פינצטערער, אָדער די פינצטערקייט מאַכט שטילער...

דאָס ביסל לעבעדיקע, וואָס האָבן זיך אין שטוב געפונען, זענען ווי דורך די ווענט אַדורך און צוזאַמען מיט די ווענט פאַרשוווּנדן. דאָס איינציקע, וואָס האָט אין דער שטילער פינצטערניש געלעבט און הויך געאָטעמט, איז געווען דער טויט, וואָס איז נאָך פון פאַרנאַכט מיט האַלב אָפענע אויגן און געשוואָלענע ליפן אין אַלקער אויפן בעט געלעגן...

*

ווען די גוייע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט האָט זיך אַלץ מיטאַמאָל צוריקגעקערט. די ווענט זענען געשטאַנען אויף זייער אָרט. די קינדער זענען אין איין צוזאַמענגעדריקטן הויפן געלעגן אויף דער קאַנאַפּע, האַלב דרימלענדיק געזשמורעט מיט די אויגן, צוליב דער פּלוצלינגער ליכט, וואָס האָט זיי מיט אַ טויזנט-פאַרביקן ווייטיק געשניטן אין די אויגן.

חיים איז ווי פריער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביים קאָמאָד. דער קאָפּ אין ביידע הענט. ער האָט געקלערט און האָט גאָר־נישט געקלערט, קיין איין קלאָרער געדאַנק איז צו אים אין קאָפּ נישט פאַרבלאָנדזשעט. עס האָט אים אַ גרויס רחמנות ארומגענומען און האָט אַליין נישט געוווסט צו וועמען פריער.

צי צו דער איידעלער ליפּשען, וואָס האָט נאָך פאַר אים קיין איין גוטן טאָג נישט געהאַט, וואָס האָט קינדער אויף דער וועלט געבראַכט און פון זיי קיין נחת נישט דערלעבט.

צי צו זיך אַליין, דעם יאַדישליוון יידן מיט די ווייטיק־דיקע פּיס, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן צום נאַר געשטעלט מיט אַ ברעקל קינד אויף דער האַנט און קליינע קינדער אַרום זיך.

צי צו די קליינע שוואַלבן, וואָס דער אומגליק האָט זיי אויף דער קאַנאַפּקע צונויפגעטוליעט און איינגעשלעפערט.

אין דער מינוט איז פאַר אים אַדורך זיין גאַנץ שטיקל לעבן, וואָס האָט אים אויסגעזוצען אי לאַנג, אי קורץ. און גע־דאַכט האָט זיך אים, ווי מען וואָלט איר פון אים אין אַ מיטן שמועס אַוועקגענומען. דער עיקר, דאָס וויכטיקסטע איז נישט דערזאָגט און איבערגעריסן געוואָרן...

דער שמיד מיט דער שמידיכע האָבן, זיצנדיק אויף דער ראַנד פון חיימס בעט, האַלב דרימלענדיק זיך געשאָקלט צו ליפּ־שעס זייט.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן ליפּשעס אַהערקומען, מיט דעם גרויסשטעטיקן איידל פּנים און ווייס טשיפּיקל, און איז זיכער

געווען, אַז די, וואָס וועט נאָך איר קומען און איר גוטס פאַר־בעמען, וועט זיין אַ מרשעת מיט גראָבע הענט, וואָס וועט קנייפּן די יתומים און זיי קאָרמענען מיט זויערמילך.

דער שמיד האָט, זאָגנדיק דעם „אשרי תמימי דרך‟, אַלץ געקוקט אויף ליפּשעס געל פּנים מיט דער פליג, וואָס איז ביי איר אין אויג געשטאַנען, ביז זיי זענען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן אין דער פינצטער. און עס האָט אים אַדורכגענומען אַ סומנע־קייט, פּאַרוואָס דער מענטש איז עפר ואפר, און ווער ווייסט, צי וועט ער, דער שטאַרקער, דער אייזערנער שמיד, וואָס ברעכט איבער מיט די הענט אַ בוקסע פון אַ ראָד — נישט ליגן מאָרגן אַזוי ווי ליפּשע מיט האַלב אָפענע אויגן און אַ פערדישע פליג וועט אים אַרומטאַנצן איבערן פּנים...

## IX

איבערן שטעטל האָט נאָך געקעניגט דער שבת. די שטי־לע קדושה האָט זיך שוין דערגענטערט צום סוף, אָבער זיך נאָך געהאַלטן, מיט שטאָלץ געהאַלטן אויף איר נחלה.

דער עולם האָט זיך פון דער שבתדיקער מנחה, פון דעם האַרציקן אומעטיקן „אתה אחד", געצויגן אַהיים צו דער דריטער סעודה און גערעדט פון דעם געשעענעם... אַלע האָבן שוין געוווּסט, און געפילט האָט זיך, אַז דאָס, וואָס עס האָט דאָס שטעטל אַזוי איבערראַשט און פאַרכאַפּט ביים האַרצן, איז נאָך ערגעץ ווייט אויסערן שטעטל און אויסערן שבת. נישט ווייל פון שטעטל ביז דער אָרליקע־פערמע איז שטאַרקע זיבן וויאָרסט, נאָר ווייל דער שבת האָט דאָס שטעטל אַרומגענומען און לאָזט נישט אַריין.

ווען מען האָט זיך צום טיש געוואַשן מיט דער גרויסער קופּערנער קוואָרט, דריי מאָל יעדער האַנט מיט קאַלטע שטשי־מענדיקע וואַסער אָפּגעגאָסן, איז שוין אַלץ, וואָס מען קען רעדן וועגן דעם אום שבת, געווען אָפּגערעדט, און זיצנדיק ביים טיש האָט מען אין דער האַלב טונקל דאָס שטיקל קאַלטע פיש־קניידל שטיקלעכווייז פון טעלער צום מויל געצויפּט און געשוויגן.

עס האָט ווער ביי „אַתקינו סעודתא" שטיל אין טעלער אַריין אָפּגעזיפצט. דאָס איז שוין געווען אויף ליפּשעס חשבון...

די ווייבער האָבן געשוויגן און מיטגעזיפצט און איינציק־וויִז זענען די שטילע פאַרנאַכטיקע שאָטנס פול מיט בענקשאַפט געשטיגן און אָנגעפילט דאָס צימער...

צוזאַמען מיט די ערשטע שטערנדלעך, וואָס האָבן זיך אויף די פאַרנעפּלטע האַרבסט־הימלען קוים אָנגעזען, צוזאַמען מיט דעם שטילן אומעטיקן ניגון פון וואָכנדיקן מעריב און מיט דער ערשטער שוועדישער שוועבעלע, וואָס האָט זיך ערגעץ אין שטיבל ביים אויוון אָנגעריבן, עטלעכע סעקונדן געציטערט, איבערגעגאַנגען אין אַסך קאָלירן ביז זי האָט זיך אין אַ געל פלעמל צעפלאַקערט — האָט די וואָך אין שטעטל איינגעשטיגן און פאַרנומען איר אָרט.

און צוזאַמען מיט דער וואָך איז אויך אָנגעקומען דער טויט, וואָס האָט נאָך פון פאַרנאַכט געלאָקערט אין שטעטל אַריין...

קיינער האָט אים נישט געזען, נאָר געפילט, אַז ער איז דאָ. עפּעס אַ וואַליושטשער הונט, אַ מאָגערער און אויסגע־קראָכענער, האָט דעם קאָפּ פון מיסט הויך צום הימל פאַרריסן און אומעטיק איינגעגעסן זיך צעוואָיעט.

באַלד נאָך הבדלה האָט זיך די גרויסע הילצערנע קברות־לאַמטערן אָנגעהויבן אַרומדרייען איבער די גאַסן. ווער עס האָט איר געטראָגן איז נישט געווען צו זען. עס האָט זיך נאָר אַ לאַנגער שאָטן מיט אַ שטעקן אין האַנט הינטער איר אויסגע־לייגט — אַזוי לאַנג, שוואַרץ און טרויעריק פונקט ווי דער טויט אַליין וואָלט דעם לאַמטערן אין האַנט גענומען, אַריינגעשטעלט אַ ליכטל און פריי זיך צעלאָזט איבערן שטעטל.

דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ קלינגען פון שליסלען און אַ קלאַפּ פון אַ טיר־פּרעצנט. אַ שניט־קרעמער איז געגאַנגען אָפּמעסטן ווייסצייג... ערגעץ פון אַ האָלץ־הויף האָט זיך אין דער נאַכט געטראָגן דאָס זעגן פון די ברעטער — נאַס און מיט אַ כריפּ: ססס — ססס —

די נאַכט איז צוגעפאַלן מאָדנע פינצטער און סומנע־אומעטיק. דערוואַקסענע קינדער האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין פאַרן שטוב, און קלענערע קינדער האָבן, ווי נאַכט־באַבאָטשקעס,

זיך געטוליעט אַרום דער אָנגעצונדענער ליכט, די פיס הינטער זיך אויפן באַנק אַרונטערגענומען און געשראָקן זיך אַרויסקוקן דורכן פענצטער.

*

שפּעטער האָט זיך אין דער ווייטנס, פון דער זייט, ווו די פּערמע איז געלעגן, געוויזן אַ שיין, ווי אַ געל אויג פון דער פינצטערער נאַכט אַרויס.

צוערשט האָט דאָס אויג לאַנג און עקשנותדיק געשטאַנען אויף איין אָרט, געקוקט און אַלץ געקוקט צום שטעטל און צום עולם, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אין גאַס איר אָפּצוּוואַרטן. דערנאָך האָט זיך דאָס אויג אָנגעהויבן מינען פון געל אויף רויט און צוריק בלייך, געציטערט, אויפגעהויבן און זיך אַראָפּגעלאָזן, זיך אויסגעשפּרייט און איינגעלאָפן, דערנענטערט און צוריק דערווייטערט, אויף אַ מינוט ערגעץ-ווו פאַרשווונדן און זיך צוריק געוויזן.

דער עולם האָט מאָדנע נייגעריק געקוקט אין יענער זייט און געוואַרט עס זאָל זיך דערנענטערן — געוואַרט מיט אומגעדולד פּונקט, ווי דאָס רויטע אויג אין דער נאַכט וואָלט מיט זיך נישט אַ טויטן איבערגעדעקט שוואַרץ, נאָר אַ גוטע בשורה מיטגעבראַכט.

אָט האָט זיך עס באַוויזן נענטער און אַרויס אויף דער גרעבליע.

דער עולם האָט זיך געלאָזן אַנטקייגן גיין מיט אַ שטילן זיפץ און שטיל אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. מען האָט איבערגענומען די לאַמטערן ביים גוי און די פערד ביים שמיד.— דער איינציקער פרעמדער ייד, וואָס האָט זיך מטפּל געווען מיט דער טויטער. ווען מען האָט איר געדאַרפט אַראָפּנעמען אויפן וואָגן האָט מען געשיקט רופן דעם שותף. יענער איז געקומען, האָט איר אָנגענומען ביי די פיס און האָט געהאַט אַזאַ פאַרקרומט רחמנות־יק אויסזען, ווי ער וואָלט חלילה געהאַט אַ חלק אין איר טויט.

ער האָט איר געבעטן מחילה און באַגלייט ביזן הויף אַרויס. הינטערן וואָגן זענען געגאַנגען חיים מיט די דריי על־טערע יינגלעך — שטיל מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און האָבן פאַרביסן געשוויגן. דער עולם האָט זיי אַרומגערינגלט מיט אַראָפּ־געלאָזענע קעפּ און מיט אַ שטילן זיפצן און צוזאַמען אַריינגע־קומען אין שטעטל.

די צוויי קלענערע יינגלעך זענען פון האַלב וועג געזעסן אין וואָגן לעבן דער מאַמען און האָבן געדרימלט.

*

אין אַ שמאָלן און לאַנגן צימער ביי דער שוועגערין אין שטוב איז ליפשע אין דער לענג אויף דער ערד געלעגן מיט די פיס צום טיר. דריי שטרוי אונטערגעבעט און צוקאָפּנס אַ קישעלע מיט רויטע בלימלעך מיט וועלכע מען האָט איר אַראָפּגענומען פון וואָגן. איבער איר חיימס פלאַשטש אין דער קאָס. איין שפּיץ פאָלע איבערן קאָפּ און דער צווייטער שפּיץ האָט שלעכט צוגעדעקט די צוויי נאַקעטע טויטע געלע פּיאַטעס, וואָס האָבן געקוקט צום שטוב. די צוויי גראָבע פינגער זענען געווען צוזאַמענגעבונדן מיט אַ שטרוי.

אַרום צוקאָפּנס האָבן געברענט אַסך ליכט אין מעשענע לייכטער, וואָס מען האָט פון דער גאַנצער גאַס צונויפגעבאָרגט און האָבן אָנגעפילט דאָס צימער מיט אַ דושנע היץ און אַ שווערן ריח פון חלב.

די צוויי האַלבע טירלעך צו דער גאַס זענען געשטאַנען אָפן. און אַ פולע שטוב מיט פרעמדע מענטשן דרייען זיך אַריין און אַרויס. ווער עס שפּאַרט זיך אַ קוק טון אויף די קינדער — ווי זען אויס קינדער, וואָס די מאַמע איז זיי נאָר־וואָס אָפּגעשטאָרבן, און ווער עס הייבט זיך איבער די קעפּ צו זען דעם לאַנגן שוואַרצן פלאַשטש, וואָס איז אויף דער ערד אויסגעצויגן, און דעם געשוואָלענעם בויך, וואָס טאָרטשעט פון פלאַשטש אַרויס.

די קינדער — מידע, שלעפעריקע, איבערגעפרוירן און איי־בערגעברענט פון ווייטיק, צו וויינען האָבן זיי שוין קיין כּוח נישט און ווייסן דאָך, אַז די וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד און צוליב וועמען דער גאַנצער עולם איז צוזאַמענגעלאָפן, איז זייער מאַמע. און ווייסן נישט, וואָס זיי האָבן ערשט צו טון. און ישוביש - שעמעוודיק און רחמנותדיק־שולדיק קוקן זיי צום עולם:

— מיר זענען דאָך ישוביקעס און דאָס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל, אַז עס שטאַרבט ביי אונז אַ מאַמע. פון וואַנען זאָלן מיר וויסן?...

עטלעכע ווייבער נאָענטע פון דער משפּחה האָבן זיך אַדורכגעבראָכן צווישן עולם, זיך צוגעזעצט צו דער טויטער, איר אָפּגעדעקט דאָס פּנים און אַרויס מיט מענה־לשון.

מען האָט גערעדט וועגן די יונגע יאָרן, וואָס זענען גע־וואָרן אָפּגעריסן, איבערגעבראָכן, ווי אַ בוים אין אַ שטורעם־ווינט. וועגן דעם שוואַרץ קוויטל, וואָס איז, נישט דאָ געדאַכט, ראש־השנה געוואָרן אָנגעשריבן און יום־כּפּור, נישט דאָ געדאַכט, געוואָרן אָנגעחתמעט.

אַ יידענע אַ וויל-קענערקע האָט געוואָלט האָבן מיטן כּביכול אַ דין-תּורה:

— עס שטייט געשריבן אין דיין הייליקער תּורה: אַז דו וועסט געפינען אַ נעסט פון פויגעלעך, זאָלסטו דער מאַמען פריי לאָזן. און דו, כּביכול, האָסט געפונען אַ נעסט, אַ מאַמע מיט קליינע פויגעלעך און אַ פּיצל קינד ביים ברוסט, פאַרוואָס האָסטו דער מאַמען פון די קליינע קינדער צוגענומען? איז דען געשיקט, אַז כּביכול זאָל טון אַ דין אָן אַ דין?

גיטעלע איז געלעגן אין צווייטן צימער אויפן בעט. ווען די פור איז פאַרן שטוב צוגעפאָרן און זי האָט דערזען די מאַ־מען מיט די צוויי ברידערלעך צופוסנס, האָט זי געגעבן אַ זאַ־קוויטש, אַז זי איז גלייך געפאַלן אין חלשות.

ערשט ליגט זי אויפן בעט און פרעמדע ווייבער און יידן לייגן איר קאַלט וואַסער צום קאָפּ. זי איז מאָדנע פאַרענדערט.

מיט אַ ווילד צעשראָקן פּנים, צעפּלאָטענע האָר און אַ צעשפּי־ליעטע בלוזע.

די טענות פון די ווייבער דערטראָגן זיך צו איר אין אַלקער און מיט אַ ברענענדיקן דורשט הערט זי זיך צו צו זיי.

ביי איר אין קאָפּ איז קיין איין קלאָרער געדאַנק נישטאָ. ווען זי האָט זייער מענה־לשון און ווען די גזלנים האַלטן איר דאָ נישט צו, וואָלט זי, ווי אַ משוגענע, אַהין אַריינגעלאָפן, אַרומגעכאַפּט דער מאַמען און הויך געשריגן:

— איך וועל נישט לאָזן! זי האָט אַ קינד ביים ברוסט און דאַרף נאָך צו די קינדער אַ מאַמע זיין...

מיטאַמאָל האָט מען גענומען טרייבן פון שטוב. די יינג־לעך האָט מען פאַרשפּאַרט אין אַלקער. די וויינענדיקע ווייבער געהייסן „עס זאָל זיין געענוג״. און די גאַנצע שטוב מיט דער טויטער זענען אַריבער אין די הענט פון די חברה־ווייבער.

שרהקע די גבאיטע, אַ יידענע אַ קאָזאַק, וואָס האָט שוין דרייסיק יאָר תכריכים אין קאַסטן און דער מלאך־המות האָט צו איר קיין שליטה נישט, האָט געקאָמאַנדעוועט, הויך געקאָ־מאַנדעוועט, און אַכט ווייבער אינעווייניק און אַסך מאַנסבילן אין דרויסן האָבן געוואַרט אויף אירע באַפעלן.

— מען דאַרף אַן עמער וואַסער! — האָט שרהקע הויך אַרויסגעזאָגט.

האָט אַ יידענע אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין טיר און איבער־געהזרט:

— מען דאַרף אַן עמער וואַסער.

האָט דאָס אַ ייד אין דרויסן אויפגעכאַפּט:

— מען דאַרף אַן עמער וואַסער.

איז איינער געגאַנגען, געבראַכט און געזאָגט:

— עס איז דאָ וואַסער.

האָט אַ יידענע שמאָל געעפנט די טיר, אַריינגענומען דעם עמער און אויסגערופן:

— עס איז דאָ וואַסער...

*

ווען מען האָט צוריק אַלע טירן געעפנט און די קינדער אַריינגעלאָזן צו דער מאַמען, איז שוין ליפשע געווען אָנגעטון. זי איז געלעגן אויף דעם טהרה-ברעט קאָפּ אויף צוויי קיך-בענקלעך מיט אַ שייט האָלץ צוקאָפּנס.

דער עולם האָט זיך צוריק געשפּאַרט אין שטוב און שטאַרק געטומלט. עפּעס אַ ייד האָט אויפגעזוכט די קינדער, זיי צוזאַמענגעקליבן, צוגעפירט צו דער טויטער און פאָרגעזאָגט דאָס מחילה-בעטן. דערנאָך האָט ער יעדן באַזונדער איינגעשניטן דאָס מלבושל, געלאָזן רייסן קריעה און האָט זיי אָפּגעלאָזן...

זיי האָבן געלאָזן מאַכן מיט זיך, וואָס מען האָט געוואָלט. געפאָלגט, נאָכגעזאָגט און געבליבן שטיין דאָרט, ווו מען האָט זיי אָפּגעלאָזן.

נאָר ווען מען האָט דער טויטער אָנגעהויבן פון שטוב אַרויסנעמען און די מומע האָט זיך צעשריגן:

— זאָל דיר טאַטע-מאַמע אַנטקייגן קומען, שווער-און-שוויגער, די אמהות און מרים הנביאה, און דיין געוויין זאָל דערלאַנגען צום כסא-הכבוד, וואָס ער איז דער אבי-היתומים, ווי דער געוויין פון דער מוטער רחל, וואָס איז יונגערהייט פון דער וועלט געגאַנגען,— האָבן זיך די קינדער ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט און מגושמדיק זיך צעוויינט. מיט אַ ווילד הייזעריקייט, מיט אַ פאַרביסנקייט און דורשט. געריסן די האָר אין זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ...

— צדקה תציל ממוות.

אין דרויסן האָבן אָפּגעוואַרט שכנים, מאַנסבילן מיט אָפּגעשטעלטע קראַגנס, ווייבער מיט פאַרטשיילעס אויף די קעפּ, און די לוויה האָט זיך גערירט.

עטלעכע קופּערנע מטבעות האָבן אומעטיק און שטאַרק הילכיק געקלונגען אין דער בלעכענער פּושקע און דער עולם האָט געזען באַשיינפּערלעך דעם סוף פון דעם מענטשן.

אויפן וועג איז ווער אַרויס פון אַ שטוב און איז צוגע-

שטאַנען צום עולם. ווער עס איז ביז צו זיין טיר געקומען און אָפּגעשטאַנען. און ביז מען איז אַרויס פון שטעטל איז דער עולם קלענער געוואָרן. די לעצטע האָבן זיך ביי אַ לעצטע שטוב אַ ווײַלע פאַרהאַלטן און נאָכגעקוקט.

א יידענע אין אַ פאַרטשיילע האָט זיך דערמאָנט אָן דעם קופערנעם גראָשן, וואָס איז ביי איר האַנט גרייט געלעגן אַוועק־צוגעבן, זי האָט זיי נאָכגעיאָגט, אריינגעוואָרפן און זיך צוריקגעקערט.

עס האָט אַ בלאָז געטון אַ קאַלטער ווינט. דער אָרון איז אַריבער פון פלייצע צו פלייצע, ביז עס זענען אונטער אים אונטערגעקומען פיר חברה־לייט, געזונטע בעל־מלאכות, און שנעל, איינזאַם און שטום האָט זיך געצויגן איבערן פעלד צום הייליקן־אָרט אַ בערגל שאָטנס מיט אַ מיטה הינטער דער שיין פון דער קברות־לאַמטערנע.

אויפן הייליקן־אָרט האָט זיך געלויכטן. די צוויי קברות־לייט, וואָס האָבן געגראָבן דעם קבר, זענען שוין געווען פאַרטיק און געוואַרט.

ווייט אַרום איז שטיל געווען און פינצטער. פון אַ נאָענט וועלדל האָט זיך געטראָגן דאָס שעלעשטשען פון די בוימער, און פון שטיבל, וווּ דער קברות־שומר האָט געוווינט, האָט זיך גע־הערט דאָס אָנקלאַפּן פון אַ הילצערן וויגעלע און דאָס שלעפּע־ריקע איינוויגן פון אַ מאַמען:

— אַ—אַ, אַ—אַ—אַ—

---

דער ייד, וואָס האָט די טויטע אין קבר גלייכגעלייגט, האָט איר מחילה געבעטן און אָפּגעטיילט פון אַלע חברות, צו־געדעקט מיט דעם לעצטן ברעטל, אַרויפגעשאָטן דריי הויפנס ערד און אַרויס פון גרוב.

מען האָט גענומען פאַרשיטן. דריי גראָב־אייזנס איבערגע־דרייט אויף דער לינקער זייט האָבן פלייסיק געאַרבעט, איבער־גייענדיק פון האַנט צו האַנט. די, וואָס האָבן זיך נישט געקענט צושלאָגן צו אַ גראָב־אייזן, האָבן געשאָטן מיט דער לינקער זייט האַנט.

דער איבעריקער עולם האָט געזאָגט „צידוק-הדין״, „הצור תמים פעלו כי כל דרכיו משפט״, פון אַן אַלטן סידור, וועלכער האָט שוין זיידעס און אייניקלעך באַגלייט אין דער אייביקער רו.

חברה-לייט האָבן געזאָגט פון אויסנווייניק געשמאַק מיט אַפּעטיט, רייבנדיק האַנט אין האַנט. און אייגענע זענען געווען צוזוי צעבראָכן, אַז מען האָט קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער, ווי דאָס לעצטע טראָפּן פון ביטערן בעכער פון וועלכן מען האָט געטרונקען דעם גאַנצן טאָג...

דער קבר איז פאַרשאָטן. דאָס עלטערע יינגל האָט געזאָגט קדיש-יתום, און שטיל האָט מען זיך אָפּגעקערט פון פרישן בערגל און געווענדט צום אַרויסגאַנג.

ליפּשע איז פון אַלע לעבעדיקע חברות אָפּגעטיילט געוואָרן און אַריין אין אַ נייער חברה...

זי וועט זיך דאָ פילן נישט שלעכט, אַלע באַקאַנטע, היימישע און משפחה. — און זי קומט נישט מיט קיין ליידיקע הענט...



דאָס שטעטל איז שוין געשלאָפן. אַ בערגל שוואַרצע סילועטן האָבן זיך יתומדיק צו דער שוואַרצער נאַכט געטוליעט. נאָר פון איין שטוב האָט נאָך אין גאַס אַריין אַ שוואַכע שיין געשלאָגן, די שטוב איז געווען צוגעראָמט. דאָס וואַסער אויסגעקערט, דער טיש אויפן אָרט געשטעלט און אַ דושנער ריח פון טהרה-וואַסער האָט זיך אין דער לופט געטראָגן.

פאַרן שטוב איז געשטאַנען דאָס טהרה-ברעט. פון דעם פענצטער איז אויף איר געפאַלן אַ געלע שיין, האָט איר נאָך שוואַרצער און גרויזאַמער געמאַכט און האָט דער גאַנצער גאַס אָן עפּעס דערמאָנט און אויסגעשטאָכן די אויגן.

שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ איז מען דורך דעם שמאָלן האַלבן טירל, אַריין אין שטוב. צוערשט דער טאַטע, דערנאָך די יינגלעך, איינציקווייז לויטן עלטער, דערנאָך דאָס מיידל.

דער עולם האָט זיך אויסגעשטעלט ביי די זייטן אי-

צוויי שורות און מנחם־אבל געווען. און שטיל האָט מען זיך אויף דער ערד אַראָפּגעזעצט, צום קליינעם פּיס־בענקעלע, וואָס איז געווען ווייס איבערגעדעקט און געגרייט צו „סעודת־אבלים“.

חיים האָט דאָס הארטע איי צעבראָכן אויף שטיקלעך. איינגעטונקט אין אַש און צעטיילט די קינדער. נאָר איידער די קינדער האָבן נאָך באַוויזן אַראָפּצושלינגען, דאָס וואָס איז אַלץ געשטאַנען אין האַלדז און נישט געוואָלט אַראָפּגיין, האָט זיך גיטעלע דערמאָנט אין דער היים, אין דער פּערמע, ווו מען האָט אַלץ געלאָזן אויף הפקר, אין פּיצל קינד, וואָס איז געבליבן אויף פּרעמדע הענט און מיט אַ פאַרזאָרגטן פּנים פון אַ דערוואָקסענער האָט זי געזאָגט:

— טאַטע, זאָלן מיר פאָרן אהיים. טאַטע, דאָס קינד איז אַליין געבליבן.

חיים האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטון אויף איר מאָדנע ליב און געטריי... דערנאָך האָבן זיך זיינע בליקן געטראָפן מיט די בליקן פון די יינגלעך. דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ גאַנצן טאָג, וואָס מען האָט זיך באַגעגנט. און מיט איינמאָל האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן און אַרויס פון שטוב...

נאָך אַ קורצער צייט איז מען שוין געווען אויסערן שטעטל.

אַ באַקאַנטער וועג, באַזיל האָט אָנגעטריבן די פערד, גיטעלע איז געזעסן לעבן אים און צוגעאיילט. פון הינטערן וואַלד אויפן האָריזאָנט איז אויפגעשווומען די סוף־חודשדיקע לבנה.

מען איז געפאָרן פון ליפּשעס לוויה. און אין דער מינוט האָבן אַלע דערפילט, אַז די שטוב איז נישט אין גאַנצן פאַר־יתומט געוואָרן. גיטעלע וועט זיין די מאַמע, אַלעמענס מאַמע— פון דעם זויג־קינד, וואָס האָט נאָך נישט קיין נאָמען, ביז די עלטערע ברידער, די חתן־בחורים, ביזן יאַדישליוון טאַטן, וואָס טראָגט אום זומער שטיוול געבעט מיט פוטער...

גדרה, תרע״ד

דעם ויידן אברהם-יעקב

די אַלטע, משה-שמואל און רבקה, זענען דאָס יאָר גע-פאָרן אויף יום-טוב צו חיימען אין פערמע. ווען זיי זענען צום הויף צוגעקומען, האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט.

דריי גרויסע קודלאַטע הינט האָבן זיך געוויזן פון הינ-טער דער „אָבאָרע", אַדורך די אָפּגעשניטענע פעלדער, און מיט אַ פריילעכן בילן זיי אַנטקעגן געקומען; זיך אויסגעגלייכט און פאָרויס פאַר די פערד זיך צוריקגעקערט אין הויף.

די פערד האָבן זיך פון דעם באַקאַנטן בילן ווי פון עפּעס אויפגעכאַפּט, זיך אַ טרייסל געטון, האָבן די קעפּ אויפ-געהויבן, אָנגעשטעלט די אויערן, זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, האָבן איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן, אַז די היים איז שוין נאָענט, און האָבן פריינד'לעך די געשמידטע בריטשקע אַ צי גע-טון, און מיט אַ לאַנגן טראָט פון דעם ברייטן וועג זיך פאַרנומען צו דער הויף-גרעבליע.

דער קוטשער האָט זיך אין דער סערמיגע אַ טשוכע געטון, האָט ברייט געעפנט דאָס מויל און אַרויסגעלאָזן אַ לאַנגן הויכן געגעץ, פון וועלכן די פערד האָבן זיך דערשראָקן, דער-נאָך האָט ער צוזאַמענגעקליבן די לייצעס, מיט דער בייטש אַפּאָר מאָל צעשניטן די לופט, ווי ער וואָלט מיט דעם סווישטש וועלן באַגריסן דעם הויף און מאַרינאַ דער „דויקע" אָנזאָגן:

הע, מאַרישאַ, דיין האַרצנס-באַשערטער פאָרט און האָט דיר פון שטאָט געבראַכט אַ „גאָסטינעץ״.

די אַלטע, וואָס זענען די גאַנצע צייט געזעסן, יעדער פאַר זיך עפּעס געקלערט און געשוויגן, האָבן אויפגעהויבן די אויגן, זיך באַגעגנט מיט די בליקן פונקט ווי זיי וואָלטן איינער פון דעם צווייטן זיך נאָר-וואָס דערוווסט; און דער קוק איז געווען: זעסט, דו ביסט אויך דאָ, איך האָב גאָר ווי פאַרגעסן...

די אַלטע האָט צורעכט געמאַכט די פאַטשיילע, מיטן פינגער איבערן שטערן אַדורכגעפירט, עטלעכע גרויע האָר אונ-טערן טשיפּיק פאַרשטעקט און זיך פאַרקוקט פאָרויס.

דער אַלטער האָט דעם ספר, דעם אַלטן ספר, וואָס איז נאָך פון טאַטן אַ ירושה געבליבן, און וועלכן ער האָט יעצט מיט זיך אין הויף אַריין מיטגענומען, פון איין האַנט אויף דער צווייטער איבערגעלייגט, אים בעסער איינגעוויקלט אין דעם פּרוכת מיט די גרויסע זילבערנע ווערטער, פון זיין בר-מצוה-געשאַנק, פעסט צום האַרץ צוגעטוליעט און זיינע בליקן געשיקט אין דער וועלט.

באַלד האָט זיך פון איבערן וואַלד די לבנה אַרויסגעוויזן, ווי זי וואָלט האָבן צוזאַמען ערשט מיט אַלע פון די הינטס בילן זיך אויפגעוועקט, און האָט איבערן זייטיקן גראָבן אויף דער ערד אָראָפּגעשפּיגלט: אַפּאָר פערד, אַ בריטשקע, דריי מענטשן — איינער פאָרויס מיט אַ בייטש אין דער האַנט, און הינטער אים אַפּאָר איינגענורעטע קעפּ, — צוויי עץ-חיימלעך פון אַ ספר-תורה און פון הינטער זיי געלאָזט צוריקלויפן די גרעבליע, דעם גראָבן מיט די קוסטן ביי די זייטן.

פון הויף האָבן זיך געוויזן פייערלעך אין די פענצטער. אָט איז די אָבאָרע, די גרויסע אַלטע אָבאָרע מיט די געמוי-ערטע סלופּעס, פון וועלכע עס קוקן אַרויס נאַקעטע גרויסע אַמאָליקע ציגל.

הינטער דער אָבאָרע די אַלטע גרינע סאַזשלקע מיט די לאָזינקעס אַרום איר. ער געדענקט נאָך, ווי ער פלעגט קינד-ווייז זיך באָדן אין איר, קליינע הינטלעך טאָפּיען, שטיינער

אָנבינדן זיי אויף די העלדזלעך און וואַרפן זיי אין וואַסער. דאָס וואַסער האָט זיך ערשט מיט אַ געלע בלעטער־דעק באַצויגן, אַ ווינטל האָט זיך אויף דעם רוקן פון דער סאַזשלקע אַרויפגע־כאַפּט און האָט דעם געלן פעלץ צעשאָקלט, ווו־נישט־ווו זענען שפּאַלטן געוואָרן און האָבן געלאָזן די גרויסע פרישע האַלב־חודשדיקע לבנה זיך אַדורכבאָדן.

אָט זענען זיי דורך דעם טויער אין הויף אַריינגעפאָרן. דער באַקאַנטער הויף, אין מיטן דער אַלטער טיפער ברונען מיט די לאַנגע קאָרטעס צום פּאָיען. צוויי גוייעס זענען פון אָבאָרע געגאַנגען און מיט אַ פול שוימיק טונדל מילך זיי אַריבער דעם וועג. אַ גוי איז פון ערגעץ מיט אַ בינטל היי געגאַנגען צו די קעלבער און האָט זיי געזאָגט: „אַ גוטן אָוונט״. עס האָבן זיך אין די פענצטער געוויזן קינדער־קעפּעלעך. עס איז ווער פאַר דער טיר אַרויס. עס האָט ערגעץ אין „סטאַינע״ אַ פאַרבענקט פערד דעם אַריינפאָרן דערשפּירט און האָט זיך צעגאָסן אין אַ לאַנגן הירזשען — האָבן די איינגעשפּאַנטע צוריק געענטפערט:

„מיר זענען שוין דאָ. אָט באַלד, באַלד, מיר האָבן טייערע געסט געבראַכט...״

באַלד איז שטיל געוואָרן. די אַלטע זענען אַריין אין שטוב. די פערד האָט מען אויסגעשפּאַנט, אין סטאַינע געבראַכט און אָבראָק אָנגעשאָטן. ביי די פאַראָבקעס איז פינצטער גע־וואָרן. מאַרינעס האַרצנס־געליבטער איז געזעסן לעבן איר, דעם גאָסטינעץ איבערגעגעבן און שטילערהייט דערציילט מעשיות פון שטאָט. פון הינטער דער אָבאָרע האָבן זיך נאָך געטראָגן איייניקע אָפּגעריסענע בילן.

די נאַכט, אַ שטילע, לופטיקע קילע נאַכט, האָט זיך איבערן הויף צעגאָסן און די גאַנצע פערמע אין זיך איינגעטוליעט...

*

ביי חיים דעם פערמער אין שטוב איז ליכטיק, עס ברענט אַ גרויסער הענגלאָמפּ. אויפן טיש דער סאַמאָוואַר. אַרום טיש זיצן אַלטע טאַטע־מאַמע, זון, שנור און אייניקלעך. מען

פרעגט זיך אויס, וואָס מען מאַכט, וואָס הערט זיך אין שטאָט.

מען ענטפערט: „גאָרנישט, אָט ווי דו זעסט, גאָט צו דאַנקען, אַבי מען לעבט".

חיים איז צופרידן, וואָס זיי האָבן אים אָנגעטון דעם כבוד און צו אים געקומען אויף יום-טוב.

„מאַמע, איז דאָס יאָר אויבס געווען אין סאָד — אַ שאָד, וואָס איר זענט פריער נישט געקומען. האָט מען באַרן אָנגע-טריקנט — אַז עס וועט אפשר זיין אויף צוויי יאָר קאָמפּאָטן צו קאָכן..."

דער אַלטער דערמאָנט זיך עפּעס צו פרעגן: „האָט מען שוין געזייעט קאָרן? וויפל מאָרגעס האָסטו אין אָפּאַר? האָט זיך היי-יאָר גוט דאָס היי אַראָפּגענומען, האָבן די רעגנס נישט געשאַדט? וויפיל מעלקיקע בהמות האָסטו? לעבט נאָך דער אַלטער פאַסטעך פיליפּ... אַי-אַי, וויפל יאָר ער מוז שוין האָבן!?" — — —

ס'איז שטיל געוואָרן, ווי מען וואָלט עס מיט אַ מעסער איבערגעשניטן, אָדער עס איז עפּעס אַדורכגעלאָפן. אַלע האָבן זיך דאַרויף פאַרקוקט און שטיל געבליבן. די קינדער קוקן שע-מעוודיק אויף די אַלטע אומבאַקאַנטע, און ווען עס דרייט ווער אום דעם קאָפּ צו זיי, באַהאַלטן זיי די פּנימלעך און די הענטלעך, און האַלטן זיך ביי צעוויינען.

די אַלטע קוקן אַרום די שטוב. די זעלבע אַלטע שטוב, זייער שטוב. זי איז געוואָרן שענער, איבערגעבויט, מיט טאַפּעטן אויף די ווענט, גאַרדינען אויף די פענצטער, שיין צום יום-טוב צוגעקליבן...

אָט דאָ איז ער געבוירן, אויסגעוואַקסן. מיט זיין אַלטן פיליפּ געלאָפן נאָך די קעלבער, געבראַכט צו אים אַ בעל-פער פון שטאָט. פאַרטאָג מיטן טאַטן אַדורכגעלערנט אַ בלאַט גמרא. נאָך דער חתונה אהער געקומען צום טאַטן אויף קעסט. דאָ האָט אים רבקה געבענטשט מיט חיימען. ער וויל זיך דער-מאָנען, אים דאַכט זיך, אַז ער האָט זיך געשעמט אין שטאָט ווייזן. נאָך אַזוי יונג...

אָט אַהער איז זי געקומען, כמעט אַ קינד, אין אַ ווייס טשיפּעקל, און אַריינגעפאַלן צו דער שוויגער אין די הענט. דאָ האָט זי צום ערשטן מאָל דערפילט, אַז זי דאַרף ווערן אַ מאַ-מע. אָט דאָרט אין אַלקער איז זי מיט חיימען געגאַנגען צו קינד, שווער — דריי מעת-לעת, אין שטאָט נאָך אַ דאָקטאָר געשיקט. ער האָט גאַנצע נעכט געזאָגט תהילים מיט אַ שיינעם ניגון, געזאָגט און געוויינט...

ער האָט אָנגעהויבן אַרויספאָרן אין דער וועלט. נישט ווייט מיטן טאַטן אין שותּפות אָנגענומען אַ ברויז, זיך אָנגע-הויבן טרעפן מיט מענטשן, אַריינקומען צו פּריצים, ביים גראַף אַ גאַנצער בן-בית געוואָרן. דערנאָך אַליין אָקסן אויף ברייע געשטעלט, געגאַנגען מיט זיי נאָך וואַרשע, געבראַכט רבקהן פון דאָרט אַ שטערנטיכל, עד-היום טראָגט זי עס נאָך...

אָט דאָ האָט זי געבאָרן ביילקען. קוים דריי חדשים אַדורכגעלעבט. אַ ליב קינד געווען, נאָר אַ שוואַכע, ווי אַ הינ-דעלע; האָט מען זי ביי איר פון ברוסט אַוועקגעריסן. פון בעט איז זי אַראָפּגעלאָפן, האָט די פרעמדע יידן געוואָלט אויס-גראַטשען די אויגן, האָט פון זיך געריסן די האָר... וואָלט שוין ערשט פון איר אַ נחת געהאַט, אַ טאָכטער, אַן עלטערע טאָכטער מיט אויסגעגעבענע קינדער...

אָט דאָ איז געווען די עס-שטוב. דאָרט אין ווינקל איז געשטאַנען אַ שאַפע מיט ספרים; אַ פּראָסטע ווייסע שאַפע, וואָס דער אַלטער אַנדרעי דער באָנדאַר האָט זי געמאַכט פאַר אַ האַלבע בייט פלאַקס. יעצט שטייט זי דאָרט אין זאַל אַ גע-פוצטע מיט שויבן.

אָט דאָ אין ווינקל איז געווען אַן אייוועלע.

און ווינטער פאַרטאָג, עס איז שטיל, אַלע שלאָפן. אין שטוב איז וואַרעם, נאָך פון נעכטן איינגעהייצט. פענצטער אָנ-געפרוירענע, ווייסע פענצטער מיט שטרויענע לאָדנדלעך פון דרויסן; און אויף יענער זייט איז ווייס, אַ ווייסע וועלט, ווייסע פעלדער, ווייסע אָבאָרעס באַדעקט מיט שניי, ווייסע סטויגן הוי-אַרום דעם הויף, ווי זיי וואָלטן לכתּחילה געמיינט דעם הויף

פֿאַרשטעלן און נישט אַריינלאָזן דעם ווינטער, דערנאָך האָבן זיי אַליין פֿאַר גרויס שרעק פֿאַר דעם ווינטער, אין ווינטער זיך איינגעטוליעט. דער גרויסער ברונען איז אַרומגעפרוירן סכּנות, און גאָר הויך, אויף דעם שפּיץ פֿון דער קלוטשקע, האָט זיך אַ ווייס־שנייען היטעלע אַרויפגעזעצט.

עס הערט זיך אַ „מו־מו" פֿון דער אָבאָרע. עס ענטפערט אַ בילן פֿון אַ הונט. די נאַכט איז אַזוי לאַנג און קאַלט. ערגעץ־ווו זענען מענטשן פֿאַרוואַלגערט אין די וועגן, אין וועלדער און פֿעלדער... און ער איז אינדערהיים, ביי זיך אין שטוב, לעבן זיין ווייב און קינדער. זיי שלאָפֿן אַלע. ער הערט זייער אָטע־מען. אָט האָט אַ קינד אַ פּיסל פֿון אונטער דער דעק אַרויסגע־שטעקט. ער האָט עס צוריק אַרונטערגעבראַכט, בעסער איינגעדעקט. ער האָט פֿון דער שאַפֿע אַרויסגענומען אַ גמרא, זיך געזעצט ביים אויוון, אויפגעמישט אַ שיינע סוגיא. עס איז אויף דער נשמה אַזוי גרינג און שטיל...

אָט האָט מען חיימען חתונה געמאַכט, פֿון נישט וווּיט, אַ שיינעם שידוך געטון. דער מחותּן, אַ למדן, אַ ירא־שמים, דאָ זענען געווען די שבע־ברכות, גאַנצע אַכט טעג האָט מען געהוליעט, בראָנפֿן מיט גלעזער געטרונקען. די פֿאַראָבקעס האָבן פֿון שיכּורות זיך געוואַלגערט אונטער די וועגן. טאַטע־מאַ־מע האָבן נאָך געלעבט, נחת דערלעבט. ער טוט מיט נאָך אַ קינד אַ שידוך, פֿון דער היים אַוועקגעגעבן. עס שטאַרבט אָפּ טאַטע־מאַמע. אַלטע, רויִק, שיין געשטאָרבן... די קלענערע קינ־דער האָבן דערשמעקט די באַן. פֿון דער היים צעלאָפֿן. און אי־בער דער גאַנצער וועלט זיך צעזייעט, ער ווייסט אַפֿילו נישט אָנצורופֿן די נעמען פֿון די שטעט...

די שטוב, די זעלבע אַלטע שטוב, אָט ווי נעכטן וואָלט עס געווען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זי געדענקט: אַ מחותּן איז געקומען אָנקוקן זלאַטקען, אַ כּויד, ווי אַ בוים. ער האָט איר געטראָפֿן ביי מעלקן די בהמות. עס זאָל בעסער געווען ביי אים אויפֿן וועג אַ ראָד אַראָפּפֿאַלן,

וואָלט זי מיט איר אַ שידוך געטון ערגעץ פון דער נאָענט, נישט פאַרטרייבן אַ קינד אַזוי ווייט פון דער היים. ווער ווייסט, צי זי וועט כאָטש אַמאָל קומען אויף קבר־אבות...

אים קומט אַרויף אויפן געדאַנק דאָס שטעטל, די גאַס, ווו זיי וווינען ערשט. אַנטקעגנאיבער איז יוסל דעם שוסטערס שטוב. שוין אַ יאָר, פונקט אַ יאָר, אַז ער איז געשטאָרבן. מחרת־יום־כפור איז געווען די לוויה, ער איז ביי דער טהרה געשטאַנען. ער שטייט אים פאַר די אויגן, אַ געזונטער אַ הוי־כער ייִד, מיט אַ גראָלעך־שוואַרצער באָרד. אַן אייגענע שטוב מיט אַ סאָד. ער געדענקט נאָך, ווען ער האָט געזעצט די ביימ־לעך. אַן ערלעכער ייִד געווען. פלעגט גאַנצע נעכט אַדורכזיצן — די ייִנגלעך זאָלן נישט רייסן פון ערלה, נישט מחלל שבת זיין.

עס זענען שוין נישטאָ אַזעלכע יידן; ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר, פאַרשטאַנען אַ פרק משניות, שבת אָן אַן אורח נישט געגאַנגען צום טיש, פלעגט ביי דעם ווייב אַ לעבל ברויט צוגנבענען און אונטערן פאַרטעך אַוועקטראָגן צו אַן אָרעמאַן אין שטוב. אָט איז ער געשטאָרבן. די שטוב, די שיינע שטוב, מיט דעם גאַניקל, מיטן גרויסן סאָד איז ביי די קינדער געבליבן. ערלעכע קינדער, אָבער נישט דאָס.

עס דאַכט זיך אים, אַז אַלץ ווערט בלאַסער, ערלעכע יידן ווערן ווייניקער. דאָס ליכט ווערט קלענער, טונקעלער — די שיינהייט גייט אויס ...

ער איז צופרידן, וואָס די שטוב איז נישט פאַרפרעמדט געוואָרן, געבליבן אויף זיין נאָמען. אים דאַכט זיך, אַז יוסף דער שוסטער לעבט; די שטוב זיינע הייסט „יוסל דעם שוסטערס שטוב“; אַברהמל דעם גלעזער רופט מען „יוסל דעם שוסטערס זון“. און ווען מ'האָט יוסלען די מאַזאָליעס פון די הענט גע־וואַשן, געוואָרפן, געדרייט אים אויף דעם טהרה־ברעט, האָט דער טויטער ווי געשמייכלט, געשאָקלט מיט דעם קאָפּ און מיט דער צעקאָלאָטשעטער באָרד...

„מאַכט, וואָס איר ווילט, איך האָב אַ שטוב מיט אַ סאָד אָפּגעשטעלט. און אַ זון וועט נאָך מיך לערנען אַ פרק משניות...

קוקן זיי זיך איבער, משה-שמואל נעמט צו זיך דעם קליינעם ברוכקע, אַ נאָמען נאָך זיין טאַטן — אַ יונג מיט רוי־טע באַקן, אַ חומש-מיט-רש״י-יינגל — פרעגט ער אים, וואָס ער לערנט, צי ער קאָן מעביר זיין די סדרה, קוקט אים אין די שוואַרצע לעבעדיקע אויגן:

— „זעסט, פונקט דער טאַטע״...

פאַרווילט זיך איר צו זיך צוטוליען דאָס קליינע מיידע־לע, דער דריי-יעריקער שרהקען, איבערן קעפל אַ גלעט טון — קוקט איר אָן דאָס קינד פרעמד, דערשראָקן און אַנטלויפט — פאַלט איר איין: „אַ מרשעת, דער מאַמעס אַ טאָכטער, איר נאָמען... וועט אין יענער באָבען אַריינגעראָטן״...

*

אינדערפרי איז משה-שמואל אַדורך איבערן הויף, דעם הויף באַטראַכט, אָט איז ער צו דער אַלטער אָבאָרע צוגעקומען, מען האָט געהאַלטן ביים מעלקן די בהמות. אַלע זענען געשטאַ־נען אויף די פיס; גרויסע לאַנגע בהמות, אייגענע האָדוליעס, מיט אַרקאַנען אויף די העלדזער, עס איז שטיל, ווי זיי וואָלטן נישט געוואַגט זיך פון אָרט צו רירן. עס הערט זיך נאָר אַ שטילער ס-ס-ס פון דעם מעלקן אין די שעפעלעך אַריין, דאָס מעלה-גרהן פון די בהמות. די גאַנצע אָבאָרע האָט דערפילט, אַז אַן אויג פון אַ בעל-הבית — פון דעם אַלטן בעל-הבית איז דאָ אַדורך...

עס זענען פון די דערפער פויערים געקומען צו דער אַרבעט אין „מאַלאָטילקע״. אַלטע גויים דערקענען אים און באַ־גריסן. עס פאַלט ווער צו דער האַנט אַ קוש טון. אָט האָט זיך דער אַלטער פיליפ אַרויסגעוויזן פון שטיבעלע, קוים וואָס ער גייט שוין, צוזאַמענגעקאָרטשעט, מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט; ער איז נאָך דער טשערעדע אַוועק. דער זעלבער איינ־געבויגענער פיליפ, ווי פאַר צען-צוואַנציק יאָר. עס דאַכט זיך אים, אַז ווען ער האָט נאָך קינדווייז מיט אים די קעלבער גע־פאַשעט, האָט ער אויך אַזוי אויסגעזען; נאָר מיט דער צייט

איז ער טויב געוואָרן, נאָך איינגעבויגענער, די פּלייצע סטאַר-טשעט איבערן קאָפּ אַריבער; ער געדענקט גאָרנישט, ער דער-קענט קיינעם נישט... אָט איז ער פאַרביי און מיט דער טשע-רעדע אַרויס פון הויף.

שוין יאָרן, צענטליקער יאָרן, טאָג אויף טאָג, ווי עס גיט זיך נאָר אַ ווייז דער טאָג, שטייט ער אויף צוזאַמען מיט די פּאַסטעכער, גייט מיט זיי נאָך דער טשערעדע אין פעלד אַרויס, ליגט ערגעץ אָפּ דעם טאָג — און פאַרנאַכט קומט ער צוריק... ער איז אַ לעבעדיקער און שטומער עדות פון דעם געוועזע-נעם, פּונקט ווי די אָבאָרע, די אַלטע געמויערטע סלופּעס פון די אַמאָליקע גרויסע ציגל, די גרינע סאַזשלקע, דער ברייטער און שרעקלעך טיפער ברונען — זיי אַלע האָבן געמאַכט יד-אחת צו שווייגן...

„אַלץ ווייסן מיר, אַלץ איז פאַר אונזערע אויגן אַדורך — נאָר איר וועט פון אונז אַ וואָרט נישט הערן. אויסער מיר אַליין איז אַלץ אין אַ ים, אין אַ טיפן ים פון פאַרגעסנהייט פאַר-שוווּנדן"...

דער אַלטער וויל אַלץ זען, אַלץ אינטערעסירט אים. חיים גייט מיט און ווייזט אים. אָט איז אַ נייע סטאַינע — די האָט שוין חיים אַליין געבויט, ער האָט נישט ווייט געהאַקט אַ שטיקל וואַלד, אַ הויכע, ברייטע סטאַינע, אָפּגעצוימט, יעדעס פערד באַזונדער, אין מיטן אַ דורכגאַנג, די סטאַינע איז ערשט ליידיק, די פערד זענען אויף דער אַרבעט. אַ באַקאַנטער היי-מישער אַנגענעמער מיסט-גערוך. ער דערשמעקט, אַז אויבן אויף דעם בוידעם מוז ליגן גראַנדאָווע היי. אָפּגעצוימט אין שטעלכל שטייט אַ קליין גניאַדע לאָשאַקל.

חיים האָט עס פון שטאַל אַרויסגעפירט.

— טאַטע, דו געדענקסט די בולאַנע שקאַפּע?.. דאָס איז אירס אַן אייניקל — זי האָט אויך אַ שיינע טאָכטער געלאָזן, אין פעלד איז זי יעצט.

עס דערמאָנט זיך אים אין דער בולאַנער שקאַפּע זיין האָדוליע. ער האָט זי אַ ברעקלס, באַלד פון דער ברוסט, פון

אַלטן גראַף אַ מתנה געקריגן. דאָס איז געווען אַ בליק, אַ לאַנגע, ווי אַ שיף, מיט אַ ווייטן טראָט; זי פלעגט די וועגן צעטרייסלען, אויף דעם וועג רעדער פאַרלירן; געווען אין בעל־הביתישע הענט, האָבער אַ האַלבן רובל אַ שאַנאָק...

ער באַטראַכט אים. אַ שיינער, אַ לעבעדיקער, אַ לאַנגער לאָשאַק; וועט אַריינגעראָטן אין דער באָבען. עס טוט אים הנאה, פאַרוואָס עס איז פון איר אַ דור געבליבן, אַ שיינער דור. אַ גוט פערד דאַרף נישט פאַרלוירן גיין...

אָט זענען זיי ביים שייער, ווו מ׳דרעשט. אַ באַקאַנטער טומל פון די מאַשינען—טור־ר־ר... פיר גוטע פערד זענען איינגע־שפאַנט מיט שלייעס אין די דישלעס. ברוכקע האָט זיך מיט אַ בייטש אין האַנט אויף אַ דישעל אַרויפגעזעצט און טרייבט־אָן. אין שייער גייט די אַרבעט. גויים, גוייעס מיט ווילקעס אין די הענט, היימס עלטערער בחור האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם שפּיץ פון סטויג תבואה און וואַרפט אַ סנאָפּ נאָך אַ סנאָפּ; אונטן כאַפּט מען דאָס אויף, מ׳דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן ביז צו דער מאַשין; דאָס אויסגעדראָשענע ווערט אין אַ באַרג צוזאַמענגעשאַרט, און אויף דער גאַס פאַר דעם שייער וואַקסט אַ הויכער סטויג שטרוי.

ביי אַלעמען זענען רויטע פאַרשוויצטע פנימער. אַ שטראָם פון לעבן שלאָגט דאָ אין שייער. עס זעט אויס, ווי אַסך מענטשן, פערד עטעמען מיט איין אָטעם — אַ ברייטן, פרייען, געזונטן און פרישן אָטעם...

חיים האָט זיך אויך צו דער אַרבעט געשטעלט און האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען צו דער מאַשין. דער אַלטער קוקט זיך צו. אינגאַנצן ער, אַ שפּיגל פון אים; אָט די זעלבע ברייטע און שטאַרקע פלייצעס, די גרויסע שוואַרצע באָרד ווערט שוין גרוי־לעך; איז אַ גוטער בעל־הבית, איז אַריינגעטון אין געשעפט און האָט אים ליב; איז נישט פויל, קאָן האַלטן אַ קאָסע אין דער האַנט, שפּאַנט איין אַפּאָר אָקסן און אַקערט דורך אַ מאָרג פעלד אונטער קאָרן, קאָן אַדורכקומען מיט די גויים — זיי זענען פון

אים צופרידן, פּאָלגן אים, קריכן פאַר אים אין פייער — ער אינגאַנצן ער...

חיים איז שוין אויך נישט קיין יונגערמאַן, האָט שוין אַפּאָר קינדער אין דער פרעמד אויסגעגעבן; איז שוין שוואַכער געוואָרן. ביינאַכט האָט ער אים געהערט הוסטנדיק.

און אָט שטעלט זיך אים פאָר:

שפּעטער, אין אַ צען-פופצן יאָר אַרום, ער וועט שוין נישט זיין... וועט ער, חיים, שוין האָבן אַזאַ ווייסע באָרד און ברעמען; וועט זיין איינגעבויגן, מיט אַ שטעקן אין האַנט, וועט האָבן אויסגעגעבן אַלע קינדער, זיי איבערגעגעבן די געשעפטן, גרוסקען אָפּשטעלן אין פּערמע; ער וועט טויגן, אַ גוטער בעל-הבית זיין — און אַליין וועט ער זיך אַריינקלויבן אין שטאָט, מיט יידן זיין צוזאַמען, תכריכים צוגרייטן אין קאַסטן, אַ בית-מדרש נאָענט ביי דער זייט; בלייבן אַ שעה לענגער נאָכן דאַווענען, און בייטאָג וועט ער נעמען דעם שטעקן אין האַנט, זיך דורכגיין, מאַכן אַפּאָר גילדן אויף תלמוד-תורה; זיך זעצן אויף דער פריזבע אין מאַרק, שמועסן מיט די מיעשטשאַניעס, דערציילן זיי מעשיות פון אַמאָל... אינגאַנצן ער.

און ער שטעלט זיך ווידער פאָר, אַז גאָר שפּעטער, אין אַסך יאָרן אַרום — ער וועט שוין נישט זיין — וועט עמעץ פון דער פרעמד קומען אין שטעטל און וועט אים טרעפן אין מאַרק:

— ר׳ משה-שמואל, וואָס מאַכט איר? אַ וועלט מיט יאָרן און אַלץ דער זעלבער...

וועט ער שמייכלען, דאָס הייסט, ער וועט שוין נישט זיין... דאָס וועט אָט דער קליינער ברוקקע שמייכלען, וואָס זיצט אויף דעם דישעל און טרייבט די פערד, וואָס כאַפּט זיך אַליין אַרויף אויף אַ פערד און פאָרט גוט רייטנדיק — ער וועט שמייכלען!

„אַ שיינער משל „משה-שמואל", איר האָט אַ טעות, פעטער! דאָס איז געווען מיין זיידע; דער נאָמען נאָך אים האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט, אויסגעגעבן קינדער, צרות אויפן פּוד...

אַ שיינער משל, איר האָט געוואָלט, אַז דער זיידע זאָל נאָך לעבן" — — —

שמייכלט ער. עס ווערט אים עפּעס מאָדנע ווארעם און היימלעך, באַקומט ער אַזוי ליב אָט דעם שייגעץ, וואָס זיצט אויף דעם דישעל מיט דער בייטש אין האַנט, אַזוי ליב... ער וואָלט אים ערשט שטייף צום האַרץ געטוליעט, אין קעפּל געקושט.

דאָס איז דאָך ער, אָט דאָס קינד איז דאָך אַ גרויסער, אַן אַלטער, אַ גרויער, אַן איינגעבויגענער — דאָס איז ער...

*

רבקה איז געבליבן אין שטוב. זי קוקט זיך צו, ווי מ'מאַכט דעם יום-טוב. עס זעט איר אויס עפּעס צו יוסט, ברייט, עס גיסט, עס לויפט, אַלץ פון דער פולער האַנט. פרעמד גוטס, זי האָט אירס איבערגענומען און מאַכט, וואָס זי וויל — פון איר היים פון דער קבצנטע האָט זי אַזאַ ברייטקייט געבראַכט... עס פאַרדריסט איר, פאַרוואָס איר שטוב איז פאַרפרעמדט געוואָרן, פאַרוואָס אַ טאָכטער איז נישט געבליבן אויף איר אָרט.

עס דאַכט זיך איר, אַז די שנור האָט זי פון שטענדיק פיינט; דאָס איז נישט איר גוסט. זי איז איר עפּעס פרעמד, פון אַ פרעמד לייב אַרויס. אירע קינדער זענען איר עפּעס קאַלט, פרעמד; פרעמדע נעמען, נישט אירע...

חיים, דאַכט איר, איז אויך נישט מער אירער. ער האָט זיך צום ווייב פאַרקויפט, דאָס איז נישט דער קליינער, דער ווייכער, דער וואַרעמער, דער ליבער חיימל — ער איז אַ גרויסער, אַן אַלטער, מיט אַ גרויסער באָרד און ברעמען; ער איז אַ מאַן, אַ טאַטע — האָט אַליין גרויסע קינדער, איז פאַרטון, האָט געשעפטן, איז אַ ייד, אַ מאַנסביל, ער דאַרף קיין מאַמע, און ווען ער רופט איר „מאַמע", קלינגט עפּעס אַזוי מאָדנע — אַן אַלטן יידס אַ מאַמע...

עס בענקט זיך איר. זי וואָלט וועלן די קלענערע קינדער זעען, אַלע האָבן אַרום זיך; וואָלט אַ טאָכטער געוווען לעבן איר,

וואָלט זי איר געזעצט לעבן זיך אין שול, איר אין מחזור אויפגע־
מישט; וואָלט מען זי גערופן צו אַ קינד־האָבן, וואָלט זי לעבן
איר אַדורכגעזעסן די וואָך־נאַכט, די קינדער געניאַנטשעט, אַלץ
ער... עס האָט זיך אים געגלוסט פון דער פרעמד אַ שידוך טון,
פאַרטריבן אַ קינד, אין דער פרעמד ביי אַ שוויגער, עלנט,
האָט נישט קיין מאַמע, פאַר ווערמען אַ סוד אויסצודערציילן, אַן
עצה זיך האַלטן און זיך אָפּווייננען פון האַרצן.

פאַלט אויף איר אָן אַ בענקשאַפט. אַ מאַמע האָט אַזוי־
פיל קינדער געהאַט, אַזויפיל בלוט פאַרגאָסן, און עס וועט
נישט זיין קיין טאָכטער, וואָס זאָל זיצן ביי איר בעט, די
תּכריכים צוקאָפּנס לייגן און האַרציק באַוויינען די מאַמען...

*

עס איז יום־טוב. ביי חיימען אין שטוב איז ליכטיק, יום־
טובדיק. דעם טיש געשטעלט אינמיטן, פאַר דעם ספר אויפגע־
רוימט אַ שופלאָד אין דער קאָמאָדע. עס איז געוואָרן אַ שטיקל
מקום־קדוש. עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די שכנים פון די
דערפער — האָבן משה־שמואלן אַ ברייטן שלום־עליכם געגעבן,
האָבן באַטראַכט דעם געבראַכטן אתרוג, דעם לולב. עס האָט ווער
געפרעגט אַ שאלה וועגן הלכות־סוכּה. ווען דער שמיד האָט מיט
זיך מיטגעבראַכט דעם לולב, מ'זאָל אים אויסלערנען איינבינדן.
עס האָט ווער אויפגעזוכט אַ מסכתא סוכה, אין איר אַריינגעקוקט,
טיף זיך פאַרקלערט און אויסגעזונגען אַ ניגונדל. חיים האָט זיך
דערמאָנט אָן אַ גוט וואָרט, אַ פּשטל, אַ וויץ, וואָס ער האָט
ערגעץ־ווו אַמאָל געזען.

רבקה איז פונדערווייטנס אין צווייטן צימער מיט די
קינדער. עס איז טונקל, נאָר אַפּאָר בענטש־ליכט. זי זיצט אַנט־
קעגן טיר און קוקט זיך צו. זי איז ווייט פון זיי, זי פאַרשטייט
קיין וואָרט נישט. זי קען אַהין נישט קומען. דאָרט איז הייליק,
ליכטיק, אַ ספר... אַלץ האָבן זיי זיך גענומען; אַלע מצוות
זיי; ביי זיי איז אינאיינעם, לעבעדיק, וואַרעם, הייליק, אַלץ
האָבן זיי...

*

אָט זענען זיי אין דער סוכּה. די אַלטע סוכּה, די זעלבע ווי געווען. דער אַלקער מיט די צוויי פליגל געעפנט, נאָר שענער, ליכטיקער, מיט טאַפּעטן אויף די ווענט; בילדער פון גרויסע מענטשן. און ליכטיק, שטאַרק ליכטיק. אַ גרויסער הענג-לאָמפּ, אַ שיין-געדעקטער טיש. אויבן גרינגעפאַרבטע לעקעכער, מיט פרישע גרינגע לאָזינע פּאָלופּעשקעס, אין די לעקעכער זע-נען איינגעבונדן מיט פערדעמלעך רויטע עפּלעך, בלומעלעך אַלע קאָלירן.

חיים האָט די קינדער צוגעשיקט צום אַלטן, ער זאָל זיי בענטשן. די פויגעלעך טוליען זיך צום אַלטן. יעדער וויל, אויף זיין קעפּל זאָל דער זיידע פריער אַ גלעט טון מיט דער האַנט.

חיים האָט אים אָפּגעטרעטן דעם אויבנאָן, מכבד געווען מיט דעם יום-טוב-קידוש. אין דער סוכּה איז שטיל געוואָרן. דער אַלטער הערט זיך צו צו זיין אייגענער שטימע. אים דאַכט זיך, אַז ער איז שוין לאַנג נישטאָ; נאָר אָט איז זיין שאָטן גע-קומען, די ערשטע נאַכט יום-טוב באַזוכן די סוכּה, די אושפּיזין זאָגן און זיך אויסבעטן צום שלאָפן, און שטענדיק וועט זיין שאָטן דאָ אַרומשוועבן, און זיין שטים וועט זיך דאָ הערן. נאָך אים וועט חיים דאָ נעכטיקן אין סוכּה, און מיט אַ שענערן ניגון מאַכן דעם קידוש, נאָך אים — ברוכקע, נאָך שענער, קלאַנגיקער.

אַלץ בלייבט דאָס זעלבע: די סוכּה, די שטוב, ער אַליין; זיי שטאַרבן נישט, זיי גייען איבער אַ דור נאָך אַ דור.

*

רבקה הערט זיך צו צום קידוש. שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ. עס איז איר קאַלט. זי האָט קיין טראָפּן בלוט אין זיך. זי האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ דיקע פאַטשיילע. עס שמעקט מיט חשוון; עס דוכט זיך איר, אַז אויף ביינאַכט וועט זיין אַ רעגן; מ׳דאַרף הייסן נישט פאַרגעסן צומאַכן די פליגל. דעם ווינטער

וועט זי שטאַרבן, ווי וועט געוויס שטאַרבן. וואָלט כאָטש זלאָטע לעבן איר געווען, וואָלט זי איר די אויגן צוגעמאַכט, די תכריכים צוקאָפּנס געלייגט און צום לעצטן מאָל זיך אויסגעוויינט פאַר אַ מאַמען.

קוקט זי אָן פאַרוואונדערט די מאַנסבילן. וואָס פרייען זיי זיך? זעען זיי איר אויס עפּעס פרעמד; פרעמדע יידן, האָבן זייערע געשעפטן, זייערע מצוות — קאָנען אַפילו קיין טרער נישט לאָזן...

און אָט דער... איז דאָך אַמאָל אַ ברעקל געווען, ביי איר אונטערן האַרצן געלעגן; דריי מעת-לעת איז זי מיט אים גע-גאַנגען צו-קינד... פון איר ברוסט געזויגן... מיט די קליינע וואַרעמע הענטלעך האָט ער איר ביים האַרץ געגראַבלט...

און ערשט איז ער גרויס, פרעמד... אַז ער האָט נישט וואָס צו דערציילן פאַר איר, פאַר אַן אייגענער מאַמען...

מרדכי דער בעל-עגלה איז שוין אויף דער עלטער, און אין שטוב צוויי מענטשן — ער און ביילע...

די קינדער — דריי טעכטער — זענען שוין לאַנג אויסגעגעבן און וווינען אין דער פרעמד. פריער האָט מען געדינט ביי לייטן, אָנגעזאַמלט געלט, אַ שיינעם אויסשטייער, געפּונען זייער גלייכן — טאַטע-מאַמע לרצון, און חתונה געהאַט. אַלע האָבן חתונה געהאַט פאַר בעל-עגלות. אַ פּרנסה נישט קיין גרינגע און אפשר אויך נישט קיין שיינע, נאָר מרדכי שעמט זיך נישט מיט איר. מ׳קאָן אומעטום זיין אַן ערלעכער מאַן. און די פּרנסה האָט ער געירשנט פון טאַטן, זיידן און עלטער-זיידן — זאָל זי אויך בלייבן ביי זיינע קינדער. זיי זענען ערלעכע לייט און פאַרדינען אַ כשרן רובל...

פון דער ייִנגסטער, פון זיסלען, האָבן זיי באמת פאַרגעניגן. זי איז פון שטענדיק דאָס בעסטע קינד. איר מאַן איז אויך נישט קיין גראָבער-יונג, קוקט אַריין אין אַ ספר, פאַרשטייט אַ פּרק משניות. זיי וווינען נישט ווייט, אין דער אויעזדנע-שטאָט. ווען ער פאָרט אַדורך טרעט ער אָפּ ביי זיי. קיין עין-הרע, שטיקלעך בעלי-בתים: אַפּאָר פערד — צוויי לייבן, אַ פאַעטאָן, אַ בהמה. קינדער — אין זייערע פנימער נישט צו קוקן פון שיינקייט.

אַמאָל אין אַ חול-המועד שפּאַנט איין דער איידעם די

פּאָר פּערד אין פּאַטעטאָן מיט די רעסאָרן, טוט זיך אָן יום-טוב-ד׳יק, זעצט אַרויף זיסלען מיט די קינדער און גיט אַ פּאָר אַריין אין שטעטל מיט אַ טומל, אַ רעש, אַז מ׳כאַפּט זיך אַרויס פון אַלע הייזער.

ביי זיי זענען די טעג טייערער פון יום-טוב. מרדכי קוקט און קען זיך נישט אָנזעטיקן. אַפּאָר פערד, אַוודאי צוויי מאות. די קינדער זעען גוט אויס, אָנגעטון יום-טובדיק.

ביי ביילען שטייען טרערן אין די אויגן: רבונו-של-עולם, נאָך מיין קאָפּ זאָלן זיי בלייבן.

ער באַרימט זיך, שטאָלצירט שטענדיק מיט זיינע קינדער. זיי וווינען אין גרויסע שטעט צווישן מענטשן, און פּריצים פאָרן מיט זייערע פאַעטאָנען. אָפטמאָל, אין אַ שמועס, זאָגט ער: די קינדער שרייבן אַזוי און אַזוי, די טאָכטער איז געוועזן אויף יום-טוב, האָט זי דערציילט דאָס און דאָס. קעגן אַזעלכע ראיות שווייגן אַלע — בלייבט נישט מער וואָס צו זאָגן.

אין נאָסור זענען זיי מענטשן רויקע, שטילע — ליבן אַ רויק לעבן. מרדכי איז נישט קיין יאָגער, לויפער, רייסט נישט איין קיין וועלטן. וויפל אים איז אָנגעטחתמעט וועט פון אים נישט אַנטלויפן, און וואָס גאָט שיקט צו — איז אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען...

וויפל דאַרפן צוויי מענטשן?...

שטענדיק זוכט ער ערגעץ אַ נאָענטע „יאַזדע". דאָס רוב כאַפּט ער זיך צו מיט אַ פּאַסאַזשיר צום באַן. ער וויל פון-דערהיים זיך נישט ווייט פאַרשלאָגן. אַרויסגעפאָרן אַפּאָר שעה, הין און צוריק. אויף דער נאַכט איז ער ווידער אינדערהיים.

ביילע ווייסט שוין וואָס ער האָט ליב, וואָס ער מעג און וואָס ער טאָר נישט. אינדערפרי אַ גלעזל ציקאָריע מיט אַ שטיקל קיכל, צו מיטאָג אַ שטיקעלע פלייש. זיי עסן צוזאַמען, ער זיצט אויפן בעט, זי אויף אַ טאַבורעטקע. זי צעשניידט דאָס פלייש אויף קליינע שטיקלעך, קלויבט פאַר אים אויס דאָס בעסערע און ווינשט:

— עס זאָל אים ווייל בּאַקומען...

ווען ער דאַרף אַרויספאָרן, לאָזט זי אים נישט פון שטוב ביז ער האָט עפּעס „איבּערגעכאַפּט“. זי קוקט ווי ער עסט און האָט אַ הנאה, ווי זי וואָלט אַליין געגעסן, דערנאָך העלפט זי אים אָנטון דעם פּעלץ, שפּיליעט צו, גאַרטלט אים אַרום, שטעקט אים אַריין אין קעשענע אַ שטיקל קיכל, וואָס איז געבּליבּן פון שבת — זי האַלט זיך נאָך — און ער איז שוין אַראָפּגעפאָרן, ווייניק איז ער אויסגעפאָרן אין זיין לעבּן...

איינשפּאַנען גייען זיי בּיידע, פירן אַרויס דעם וואָגן, טוען אָן דער שקאַפּע, רופן איר ביים נאָמען, רעדן מיט איר אויף גוייש. זי איז שוין מיט זיי איינגעוווינט, פאַרשטייט די שפּראַך — איז שוין ביי זיי אַ היפּש ביסל יאָרן, זיסל איז נאָך אַ קינד געוועזן — גייט אַריין אין די אָלאָבּליעס, ציט אויס דעם קאָפּ צום שפּאַנען...

ביילע זעט, אויב עס איז קאַלט, ער זאָל באַלד אָנטון דעם פּלאַשטש. זי נעמט אַראָפּ די פאַרטשיילע פון קאָפּ און בּינדט אים אַרום די האַלדז.

ער זאָגט: „ביילע, זיי געזונט“.

זי ענטפערט: „פאָר געזונט, קום געזונט — זוים זיך נישט, איך וואַרט אויף דיר מיט דעם מיטאָג“.

זי גייט אים נאָך אַ שטיקל צום באַגלייטן, שטייט און קוקט ביז ער פאַרדרייט זיך מיט דעם וואָגן אין ווינקל, צו דער צווייטער גאַס.

פאַרנאַכט, ווען ער דאַרף קומען פון באַן, ווייסט זי שוין די צייט — הייבּט זי אָן אים אויסקוקן, ווערט זי אומרויִק — טוט אָן עפּעס אויפן קאָפּ און לויפט אַוועק אין מאַרק זען, צי עס פאָרן שוין בעל־עגלות פון באַן.

אָט הויבּן זיי אָן אָנקומען אַ וואָגן נאָך אַ וואָגן. פונדער־ווייטנס דערקענט זי די שקאַפּע, דעם גאַנג אירן, זיין זיצן אין וואָגן איינגעוויקלט אין פּלאַשטש — זי וואַרט ביז ער לאָזט אַראָפּ די פּאַסאַזשירן און פאָרן צוזאַמען אַהיים. פרעגט זיך אויס, וואָס ער מאַכט, ווי ער פילט זיך, צי האָט ער נישט

פאַרגעסן אין דעם שטיקל קיכל, וויפל האָט ער פאַרדינט — ביז מ׳קומט צום שטאָל.

שפּאַנען זיי אויס די שקאַפּע, פירן אַריין דעם וואָגן. היי און האָבער איז צוגעגרייט פון בייטאָג — ביילע האָט צוגעגרייט, און צעגייען זיך יעדער זיין וועג:

ער אין בית-המדרש דאַוונען מנחה, הערן אַ יידיש-וואָרט, ביז איבער מעריב.

זי גייט אַריין אין שטוב און זוכט זיך אויף אַרבעט — אַ לאַטע אויף אַ העמד, אַ צערע אויף אַ זאָק, און הערט זיך צו צום גאַס, טאָמער קומט ער שוין.

דאָס אַלקערל ביי געצל דעם שמיד אין שטוב איז ריין צוגעקליבן, קליין און שמעקט מיט וואַרעם. זי נעמט אַרויס פון דער הרובע דאָס קליינע טעפּעלע מיט דער וועטשערע און זעצן זיך צום טיש.

אויף ביינאַכט פאַרט ער ערגעץ נישט, מ׳זאָל אים אָנ־שיטן די שטוב מיט גאָלד. נישטאָ, שוין אַוועק די יאָרן...

ער דערזעט שוין נישט אין וועג, און ווען ער שלאָפט נישט אַ נאַכט איינדערהיים, פילט ער זיך דערנאָך אַ גאַנצע וואָך צעבראָכן, און קען צו זיך נישט קומען — דעם מנחה־מעריב בציבור און פּרק „עין-יעקב" וועט ער נישט פאַרקויפן... מ׳דאַרף שוין אין זינען האָבן זיך צוגרייטן אין „וועג" אַריין. נישט אייביק לעבט דער מענטש...

*

דאָס לעצטע יאָר איז מרדכי אינגאַנצן אַראָפּ.

ער איז געוואָרן פאַרעלטערט נישט צו דערקענען, ווען נישט דער האָבער, וואָס מ׳דאַרף פאַרן פערד, וואָלט ער זיך פאַרגונען אויסצורוען אַמאָל אַ טאָג — פאַר זיי אַליין וואָלט געווען געבוג. די קינדער וואַרפן אויך אַמאָל עפּעס אַריין.

עס איז געווען אַ פוילער סוף-כסלוו-טאָג, אויף דער נאַכט האָט געזאָלט זיין דאָס ערשטע ליכטל. מרדכין איז אַפילו אין געדאַנק נישט געווען איינצושפּאַנען, דערוויייל האָט זיך איני־

דערפרי געמאַכט אַ גוטע יאַזדע מיט אַ פריץ. נישט ווייט אין אַ הויף, אינגאַנצן אַפּאָר וויאָרסט, איז אים געווען אַ שאָד אַרויס־צולאָזן, שווערע צייטן, און בעסער אַ פּרוטה פון גאָטס האַנט, איידער אַ רובל פון אַ מענטשן.

ער וועט געוויס צוריק זיין אַרום האַלבן טאָג, שפּעטסטנס—אַפּאָר שעה נאָך מיטאָג.

ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען איינשפּאַנען האָט געזשימ־זשעט אַ דראָבנער קאַלטער און איינגעגעסן רעגנדל. אין דער לופט איז אַ געדיכטער טומאַן געהאָנגען.

די שקאַפּע איז קוים אַרויס פון שטאַל, עפּעס איז זי פויל און איינגעהאָרבעט פון קעלט, די זייטן איינגעפאַלן...

מרדכין נעמט אָן ביים האַרצן. אין אַזאַ פוילע קעלט, אין אַזאַ גזלנדיקן וועג צו טרייבן אַ פערד — אַן אַלט אויסגעמוטשעט פערד — פאַר אַפּאָר גילדן. ער פילט זיך אַליין אויך עפּעס נישט אינגאַנצן, ווען ביילע וואָלט דאָס וויסן, נאָר ער מאַכט זיך האַרץ און שפּאַנט דאָס פערד — צו וואָס זאָל ער איר איבערשרעקן...

איר געפעלט נישט דאָס גאַנצע עסק. אַ רעגן און אַ שלעכטער וועג. נאָר זי וויל אים נישט אָפּשלאָגן דעם מוט, העלפט זי אים שפּאַנען.

זי האָט אים אָנגעטון, גוט פאַרוויקלט, איינגעבונדן, האָט אים אַריינגעשטעקט עפּעס אין קעשענע, האָט אים אַרויסבאַגלייט און לאַנג, לאַנג נאָכגעקוקט מיט ליבע און מיטלייד: אויף די עלטערע יאָרן, מיט אַ שוואַך געזונט, האָט זיך שוין געמעגט אַביסל אויסרוען.

האָט אים נאָכגעשיקט אַ שטילע ברכה, ביז ער איז פאַר־שוווּנדן אין נעפּל...

אין שטאָט איז צו דערליידן. ווי־נישט־ווי זענען אָנ־געוואָרפן שטיקלעך ציגל, — נאָך פון דער גרויסער שׂרפה, — נאָר הינטערן שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער וועג. פראָסט דערטרונקען צו ווערן. דאָס פערד קוים וואָס עס שלעפּט אַרויס אַ פוס, אַלע מאָל שטעלט עס זיך אָפּ, סאַפּעט,

די זייטן הויבן זיך, פּאָכן, ווי אַ שמידישער זאַק און שלעפּט זיך ווייטער...

אַרום איז טויט, אַלץ איז אָפּגעשטאָרבן, פּוסטע שוואַרצע פעלדער, טרויעריק, האָבן זיך אין אַ געדיכטן נעפּל איינגעוויקלט,ביימער נאַקעטע, ווי פאַרוואָגלטע יתומים-קינדער, ציטערן פאַר קעלט, טוליען זיך איינער אין צווייטן און וויינען מיט דעם ווינט.

און אויבן ביי די בלייענע הימלען האָט זיך דערוועקט אַ רחמנות, גיסן זיי מיט טרערן — די וועלט קערט זיך אום צו תוהו-ובוהו.

דער פּריץ האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין גרויסן פוטער, אויסגעצויגן אין דעם שטרוי, איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, רירט זיך נישט, ווי ער וואָלט נישט געווען קיין לעבעדיקער.

מרדכין טוט ווייַ דאָס האַרץ אויף דעם פערד, דער טייוול האָט אים אָנגעטראָגן, ער זאָל אין אַזאַ וועטער אַרויספאָרן פונדערהיים. ער וויל אַראָפּ פון וואָגן, עס זאָל ווערן עטוואָס גרינגער, נאָר ער פילט: עס טוט אים אַלץ ווייַ, נישט צו רירן מיט קיין גליד...

*

ווען זיי זענען געקומען אין הויף — האָט זיך שוין אָנגעהויבן אָנרוקן דער פאַרנאַכט. דער פּריץ איז אַראָפּ פון וואָגן, זיך אויסגעגלייכט, אויסגעצויגן די ביינער, פו, דאָס איז געווען אַ וועג... ער קוקט מיטליידיק אויף מרדכין, אויף דער אויסגעמוטשעטער שקאַפּע, צוריק אויף מרדכין. ער באַצאָלט אים, ווי מ'איז מושווה געוואָרן — לייגט נאָך צו אויף ביר און איז אַריין אין שטוב...

אין הויף הייבט מען אָן צורעדן מרדכין ער זאָל בלייבן נעכטיקן צו פאַשען דאָס פערד. ער קוקט אויף דער שקאַפּע, עס פאַרכאַפּט א'ם ביים האַרצן, עס איז פון איר נישט געבליבן קיין העלפט, קוים זי שטייט אויף די פיס.

ער דערמאָנט זיך אָבער אָן דער היים, אָן ביילען. זי־

וועט פון זינען אַראָפּ... און היינט איז חנוכּה, דאָס ערשטע ליכטל. ער לאָזט זיך גאָרנישט רעדן, פאַרקירעוועט דאָס פערד און וואָגן, זאָגט אַ גוטע נאַכט און לאָזט זיך אַהיים...

אין דרויסן האָט שוין די נאַכט אָנגעהויבן צופאַלן, וואָס ווייטער ווערט עס פינצטערער און געדיכטער, ווי עס וואָלטן זיך איינע נאָך די אַנדערע פּעסער געדיכטע פינצטערקייט אין דער לופט אַריינגעגאָסן און איר אָנגעפילט.

דאָס פערד ציט, שלעפּט זיך, קוים וואָס עס שטעלט אַ פוס, דערנאָך הויבן אָן קומען „וויבויען" איינע נאָך די אַנדערע, יעדעס מאָל מיט איין אַנדער ראָד אין אַ גרוב. דאָס פערד שטעלט זיך, כאַפּט דעם אָטעם, רוט זיך אָפּ, ציט אַרויס און שלעפּט ווייטער.

און דער טאָג איז אַוועק, ערד מיט הימל ווערן אין איין שווער בלייען שטיק צוזאַמענגעגאָסן, עס איז נאַכט און פינצטער. דעם וועג איז שוין נישט צו זען, ער לאָזט אָפּ די לייצעס. זאָל דאָס פערד אַליין זוכן דעם וועג.

די גריבער הויבן אָן קומען אַלץ אָפטער און אָפטער. אָט וואַרפט אים אַרויס פון וואָגן. דאָס פינצטערניש געדיכט, כאַטש טאַפּ אָן מיט דער האַנט. אַ וויבוי נאָך אַ וויבוי — און דער וואָגן האָט זיך געשטעלט...

ער קריכט אַראָפּ, מיט דעם אַלטן דאַרן רוקן הויבט ער אונטער דעם זייט וואָגן, מיט דעם לעצטן כּוח גיט ער דער שקאַפּע אַן אימפּעט, אַפּאָר גוטע בייטשן: הו־וויאָ! וויאָ! און איז מיט מזל אַרויס — — —

ער דראַפּעט זיך צוריק אויף דעם וואָגן און מ'פּאָרט ווייטער... וווּהין? — ווייסט ער אַליין נישט. ער האָט שוין אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חשבון, ווו זיי קענען ערשט זיין, — ער פאַרלאָזט זיך אויף גאָט און אויף דער שקאַפּע להבדיל, דעם וועג אַהיים וועט זי מן־הסתּם טרעפן.

און ביים האַרצן איז עפּעס ליידיק, פּוסט, עס ציט צום חלשן, פון דעם קיכל, וואָס אין טאַש, האָט ער פאַרגעסן, נישט געווען דער קאָפּ דערצו, ערשט איז שוין נישט קיין צייט פון

עסן. ערשט איז צייט צו דאַוונען מעריב, בענטשן חנוכה-ליכטלעך. מנחה האָט ער געדאַוונט אין וואָגן — אַ בעל-עגלה-שער דאַוונען...

און דאָרט האָבן זיך אַלע יידן צוזאַמענגעקליבן, אַ גאַנצער עולם — מ׳דאַוונט מנחה און מעריב, מ׳הערט בענטשן חנוכה-ליכטלעך, יידן זענען נאָענט, צוזאַמען, עס איז אַזוי וואַרעם, ליכטיק און היימיש — נאָר ער אַליין איז פאַרשאָלטן, פאַרוואָרפן ערגעץ אין דער נאַכט, צווישן הימל און בלאָטע. פאַרגעסן פון גאָט און פון יידן...

און וואָס פאַר אַ שרעקלעכע נאַכט דאָס איז, שדים פירן איבער הייגט. דער שטן האָט אים אָנגערעדט צו פאָרן, ווער ווייסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ פריץ...

און עס פאַלט אים איין, אַז ער מוז זיין פון יענער חברה, ער האָט מיט אים די גאַנצע צייט אַ וואָרט נישט גערעדט, ער האָט אפילו זיין פנים נישט געזען... ער איז זיכער פון יענער חברה...

ער הייבט אָן צו זוכן אין וואָגן, אפשר געפינט זיך אַ ברעקל אייזן, וואָלט ער דאָס גענומען אין קעשענע — פאַר דעם ציטערן „זיי". נאָר ווי אויף צו להכעיס איז נישטאָ גאָרנישט. תמיד וואַלגערט זיך אין וואָגן אַ שטיקל פּאָדקאָווע, אַ טשוואָק, אַ רינג...

ער באַטראַכט די ציצית, ציילט אַדורך די פעדעם — איינע איז אַ פּסולע... ער ווערט בייז אויף זיך אַליין: אַן אַלטער בעל-עגלה און פאָרט אַרויס אין וועג, ווי אַ יינגל...

אָט קומט אים פאַר די אויגן די היים, ביילע... זי לויפט אַרום, ווי אַ משוגענע, ער האָט געזאָלט קומען אין האַלבן-טאָג אין ערשט איז שוין נאָך מעריב. זי קוקט אין פענצטער, כאַפּט זיך אַרויס אין דרויסן, קומט אַריין און לויפט ווידער אַרויס. אין אַלע פענצטער איז ליכטיק, די הייליקע ליכטלעך דרינגען אַריין, שניידן אַדורך די דיקע נאַכט-פינצטערקייט, נאָר ביי איר איז פינצטער, ווי ביי גויים...

און די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג, גאַנצע יאָרן דויכט זיך

אים זענען שוין אַדורך — ער שטרענגט זיך אָן, ער וואָלט וועלן וויסן, ווו געפינען זיי זיך ערגעץ. נאָר עס איז נישט צו זען אין דער פינצטער נישט קיין שטיין ביים זייט וועג, נישט קיין באַקאַנטן בוים, נישט עס לייכט זיך פון ערגעץ, מ׳הערט נישט קיין הונט בילן — אַ פינצטערער אָפּגרונט...

עס הערט זיך נאָר דאָס סאַפּען פון פערד, וואָס אַרבעט מיט די לעצטע כוחות, אַ זשימזשען פון דעם רעגעלע, אַ פייפעריי פון ווינט, אַ קנעטן אין דער בלאָטע פון דעם פערדס פיס און דאָס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ...

עס מוז שוין אַוודאי זיין האַלבע-נאַכט — ביילע ווערט דאָרט משוגע ווערן.

פלוצלינג סטאָפּ, — די שקאַפּע האָט זיך געשטעלט, איינגעגראָזנעט נישט צו רירן פון אָרט, ער פּרוּווט אַראָפּ פון וואָגן, עס גייט נישט, ער קען נישט רירן מיט קיין גליד, ווי עס וואָלט אים אַלץ אָפּגענומען.

און עס קומען אים אויפן געדאַנק מעשיות — אומעטיקע בעל-עגלהשע מעשיות. ווער ווייסט, אויב דאָס איז נישט זיין לעצטע יאַזדע... עס ווערט אים מאָדנע באַנג און אַ מיטלייד צו ביילען, ער וואָלט זי וועלן זען, כאָטש איין מינוט, צום לעצטן מאָל אַ קוק טון אויף איר, צו רעדן מיט די קינדער כאָטש איין וואָרט. פאַרן טויט, ער וואָלט זיי בעטן — זיי זאָלן ערלעך האַלטן די מאַמען. ביילע זאָל בלייבן ביי זיסלען, איר האָט ער ליבער, דער איידעם איז נישט קיין גראָבער-יונג, פאַרשטייט אַ ספר, זיי וועלן איר ערלעך האַלטן —

אויפן בוידעם אונטער אַ סטריכע צווישן היי האָט ער פאַרשטעקט עטלעכע רובל אין אַן שמאַטע, גראָשנסווייז האָט ער דאָס צוזאַמענגעקליבן, נישט געוואָלט שטאַרבן אין פּרעמדע תכריכים, זאָל מען דערפאַר קויפן די מלבושים און באַשטעלן אַ שיין אָרט — — —

דעם פערד-און-וואָגן און שטוב-זאַכן זאָל מען פאַרקויפן, פון דעם זאָל ביילע אָפּנעמען איר כתובה, און דאָס אַוועקגעבן אויף פּראָצענט. נישט די קינדער פאַרן לעבן... פאַר די איבעריקע זאָל מען דינגען אַ קדיש און מ׳זאָל לערנען משניות...

*

אינדערפרי, בעל-עגלות האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויס-לאָזן אין דער וועלט, האָבן זיי געפונען מרדכין אַ פאַרחלשטן, איינגעגראַזנעט אין דער בלאָטע מיטן פערד-און-וואָגן, האָבן זיי איינגעשפּאַנט אַן אַנדער פערד, אַרויסגעשלעפּט און געבראַכט אין שטעטל.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ גערודער, מרדכי דעם בעל-עגלה האָט מען געבראַכט קוים אַ לעבעדיקן. קינדער לויפן פאַר דער פור, ווייבער ברעכן די הענט, קלויבן זיך אַרום שטוב און שפּאַרן זיך אים אַריינצוקוקן אין פּנים...

האָט מען דאָס פערד געבראַכט אין שטאַל, מרדכין אין שטוב, געלייגט אין בעט, אויסגעטון, איינגעדעקט, דערוואַרעמט, געגעבן צום דערקוויקן...

ביילע טרעט נישט אָפּ, דעקט בעסער איין, טוליעט צו, אין די אויגן שטייען טרערן, זענען רויט און אָנגשוואָלן...

מרדכי האָט זיך פאַרקוקט אויף איר, עס באַגעגענען זיך זייערע בליקן:

— האַ, וואָס, ביילע? מרדכי האָט זיך אויסגעפּאָרן?!...

ביידע האָבן זיך צעוויינט...

תּרס"ז 1907

## אַ ר י י נ פ י ר

דער קורצער פאַרנעפּלטער ווינטער־טאָג איז פאַרגאַנגען, איז אויסגעגאַנגען אַזוי שטיל, ווי אַ נפלע. אַ לעצטער בלייך־רויזער שטראַל האָט זיך דורך אַ געל־גרין שייבל פון דער ווייבער־שול דורכגעשלאָגן, זיך אויסגעלייגט אויף אַ פאַרחלבטן שטענדער, ווי אַ פאַרקרומטער שמייכל פון אַ גוסס, און איז פאַרשוווּנדן.

צווישן טאָג און נאַכט איז אַ ווייל־ע פינצטער געווען, נאָר דערנאָך, ווען די בהמות זענען שוין געווען אויסגעמאָלקן, אין די פענצטער האָבן זיך פייערלעך באַוויזן און איבער די דעכער האָט זיך דער רויך פון די איינגעהייצטע הרובעס גע־קוילערט, — האָט אָנגעהויבן ליכטיקער ווערן. פון זיך אַליין איז געוואָרן ליכטיק, אָן לבנה און אָן שטערן. אין דרויסן האָט געשנייט אַ דינער, אַ טרוקענער שניי, עס איז געווען ווינטיק, ס׳האָט געדרייט און געווייסט די גאַסן.

אין דעם קליינעם בית־המדרשל איז שוין געווען נאָך מעריב. די עטלעכע יידן, וואָס האָבן משלים געווען דעם מנין צום אומעטיקן, וואָכנדיקן מעריב, האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנ־דערגיין, זיך בעסער אין פּלאַשטש איינגעוויקלט, געקושט דעם פרוכת און מיט לאַנגזאַמע טריט איז מען צו צו דער טיר מיט דער מזוזה און אַרויס. דער איבעריקער עולם האָט זיך צעזעצט

ביים אויוון אונטערן איינציקן יאָרצייט־לעמפּל, וואָס איז אויף אַ דראָט פון בעליק געהאָנגען און טונקל באַלויכטן דעם מקום־קדוש.

דער עולם האָט געשוויגן: ווער עס האָט נאָך געמיינט אַריינקוקן אין אַ ספר און ווער עס האָט געמיינט זיך אָנוואַרע־מען, זיצן אַביסל און הערן עפּעס דערציילן. צווישן מנחה־מעריב האָט דער רבי פון „שבט־מוסר" אַרויס אַרומגעזעדט דעם ענין פון קבר־ישראל, חיבוט־הקבר, כף־הקלע. מאָדנע בייגיריק און מיט קלאַפּעדיקע הערצער האָט עס דער עולם אויסגעהערט, און דעם גאַנצן מעריב און נאָך מעריב זענען אַלע געדאַנקען געווען אַרום דעם...

שטיל איז אויך געווען דער אַלטער שמש ר' בער, וואָס איז געזעסן אויף אַ גרויסן שייט־האָלץ און מיט אַ לאַנגן שטעקן צורעכט געמאַכט דעם אויוון. פונעם אָפענעם טירל האָט אַ רויט־געלע היץ אויף אים געשלאָגן, פון וואָס ער האָט מיט פאַרגע־ניגן צוגעמאַכט די אויגן און געהאַלטן ביי איינדרימלען.

שטיל זענען אויך געווען די צוויי בעל־הבית־ישע יינגלעך, וואָס האָבן אין בית־המדרש געלערנט „פאַר זיך", אָפּגעלייגט די גמרות פאַר מנחה, האָבן זיי זיך געפּוילט צוריקנעמען צו זיי — אין בית־המדרש איז נאָך געווען קאַלט. זיי האָבן זיך אין די לייכטע קאָרטענע קאַפּאָטקעס פאַרן אָפענעם טירל פון אויוון געדרייט, געוואַרעמט די הענטלעך און געוואַרט אויף די שיינע מעשיות, וואָס דאַרפן ערשט קומען... די אַלע, וואָס זע־נען דאָ ערשט געבליבן, האָבן אַסך מעשיות געוווסט, האָבן זיי גאַנץ גערן דערציילט און זיך גערן צוגעהערט צו זיי.

## ע ר ש ט ע   מ ע ש ה

די ערשטע מעשה דערציילט אברהם דער קצב, אַ ייד אַ זקן אין אַ וואַטאָוון לייבל, פאַרגאַרטלט מיט אַ פאַס, אַ שעפסן היטל מיט פאַטלעך איבער די אויערן און אַ לאַנגע ליולקע אין מויל. צוערשט האָט ער די ליולקע צורעכט געמאַכט, אויסגערייניקט מיטן דרעטל, וואָס איז איר נאָכגעהאָנגען, אָנגעשאָטן מאַכאָרקע פון אַ טרוקענעם פענכער, גענומען פון אויוון אַ הייסע קויל — פּאַף-פּאַף — — — און האָט פון רויך אַרויס אָנגעהויבן:

— טוביה דעם קצב קענט איר? — אַלע קענען אים.

אָט דער טוביה האָט געהאַט אַ טאַטן, הערשל, — דאָס איז שוין נישט פאַר אייער געדענקען, — הערשל איז אויך געווען אַ קצב, איז אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער און געהאַנדלט מיט גויים. פלעגט אַוועקגיין נאָך הבדלה און קומען צו ליכט-בענטשן. דאַמאָלט זענען געווען אַנדערע גויים און אַנדערע מסחרים, און פאַר הערשקען איז דאָס לעבן מיט דער נשמה. מען וועט נישט פאַרקויפן ביז הערשקע וועט אַ קוק טון.

גייט ער איינמאָל אַוועק זונטיק מיטן טאָג צוגלייך, אָפּגעדאַוונט, צוגעביסן, אַריינגעלייגט אין זעקל דעם טלית-און-תפילין מיט אַ לעבל ברויט, אַביסל געלט אין בייטל, וואָס אויפן שנירל אונטערן העמד, אַ שטעקן אין האַנט און דעם קאַפּטן

אויפן אַקסל. געווען איז עס סוף זומער, צוריקקומען דאַרף ער מיטוואָך, שפּעטסטנס — דאָנערשטיק אינדערפרי, ווייל מען וואַרט מיט פלייש אויף שבת.

די נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק קומט ער טוביהן צו חלום. ווייסט טוביה אין שלאָף, אַז דאָס איז דער טאַטע און וואונדערט זיך, פאַרוואָס ער איז אַזוי גיך צוריקגעקומען. פרעגט ער אים:

— טאַטע, ווו איז דאָס „שטיקל"?

ענטפערט ער, אַז דאָס שטיקל איז געבליבן אין דאָרף....

— וואָס־זשע האָסטו זיך געאיילט צו קומען?

ענטפערט ער, אַז ער איז געקומען נישט מיט זיין גוטן ווילן, — מען האָט אים געיאָגט, געטריבן, ער קאָן זיך קיין רו נישט געפינען, ביז זיינע ביינער וועלן נישט קומען צו קבר־ישראל.

אינדערפרי לויפט טוביה צום רב, דערציילט די מעשה (געלעבט האָט דעמאָלט דער גרויסער צדיק ר' פינחס מיכאל ז"ל), פרעגט ער אים אויס, ווי איז געווען הערשלס אויסזען, ווי איז ער אַריין אין שטוב: כדרך אנשים, צי אַנדערש. אין די רייד קומען־אָן נאָך צוויי ברידער „גאָנטאַרעס". זיי האָבן געאַרבעט אין וואַלד ביי שינדלען, אַ וויאָרסט פופצן פון דאַנען, און האָבן אויך געזען אַזאַ חלום, זענען זיי נאָך פאַרטאָג אַרויסגעגאַנגען, און זענען עס געקומען אין שטאָט, זעען וואָס ס'טוט זיך.

פאַרשטייט מען שוין, אַז די זאַך איז נישט גלאַט. פרעגט דער רב:

— וווהין איז דער טאַטע געגאַנגען?

ענטפערט טוביה:

— קיין כאָמיטשיטש.

— וויפל געלט האָט ער געהאַט מיט זיך?

זאָגט מען אים:

— זעכציק רובל.

גיט ער זיי זיין ברכה און הייסט זיי גיין נאָכן מאַרשרוט.

קומען די דריי ברידער אין ערשטן דאָרף, פרעגן זיי:
— טשי ניע בווו טוט הירשקאָ*).
ענטפערט מען:
— „בווו״, און מ׳ווייזט אָן, ווו ער האָט געבענטשט און וועלכע „שטיקלעך״ ער האָט אָנגעזען.
דער דערציילער האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן, די ליולקע האָט זיך צוגעשטעלט. ער קלאַפּט מיטן דרעטל און זוכט פייער. דער עולם קוקט אים נאָך און איז אומגעדולדיק, און ווען די ליולקע האָט ווידער אָנגעהויבן רויכערן, האָט עמיצער, וואָס האָט שוין געוויס אַמאָל געהערט די מעשה, געפּרוווט אונטערזאָגן:
— קומען זיי אין צווייטן דאָרף...
— פּאַף - פּאַף, האָט דער אַלטער איינגעשטימט, פּאַף-פּאַף-פּאַף, — קומען זיי אין אַ צווייטן דאָרף, ווידער דאָס אייגענע: „ער איז געווען, ער האָט „געבאָהומאָלעט״, „געשניאַדאַניעט״ **) און אַוועק זיין וועג״.
קומען זיי אין כאָמיטשיטש, פאַרגייען זיי גלייך צו פּראָקאָפּן, ביי וועמען הערשל האָט געדאַרפט נעמען דאָס „שטיקל״. טרעפן זיי אים אין הויף. ער פאַרריכט אַ וואָגן, די ווייבער נעמען אַרויס פון גאָרטן, עפּענען זיי דעם טויער און גייען אַריין. מאַכט זיך פּראָקאָפּ נישט זעענדיק און טוט זיין אַרבעט. זאָגן זיי:
— דזשען דאָברי, פּראָקאָפּו! ***).
ענטפערט ער:
— דאָברע זדראָוויע****), און טוט ווייטער זיין אַרבעט.
פרעגן זיי אים:
— טשי ניע בווו טוט הירשקאָ?
ענטפערט ער:

---

*) איז דאָ נישט געווען הערשקע?
**) געדאַוונט, געפרישטיקט.
***) אַ גוטן טאָג, פּראָקאָפּ.
****) אַ גוט געזונט.

— ניע, ניע בווו. יאַ נאָוועט ניע באַטשיוו הירשקאָ *)—
און הויבט נישט אויף דעם קאָפּ פון דער האָלאָבלע, וואָס ער טעשעט. וואַרפט זיך זיי אין די אויגן די האַק מיט דער פריש-אָפּגעהובלעוועטער טאָפּערישטשע, וואָס ער האַלט אין האַנט, און אַלע דריי ברידער דערפילן גלייך, אַז אָט מיט דער האַק האָט מען געהרגעט דעם טאַטן...

קלערט מען אָפּ אַ תּירוץ, אַז זיי גייען קויפן היי, אפשר וועט זיי פּראָקאָפּ ווייזן די היי, וואָס ער האָט ליגן אין שייער. לייגט דער גוי אַוועק די האַק, עפנט-אויף דעם שייער און קוקט זיך צו, ווי אַלע דריי ברידער קריכן אַרום איבער דעם היי, שטעקן אַריין טיף די הענט, צי עס איז נישטאָ קיין פאַר-פוילטע... און אַז זיי קערן צוריק פון שייער, מאַכט דער גוי:

— אַ יאַ אוזשע דיוואָוואַווסאַ שאָ הירשקאָ ניעמאַ, אַ ראָשע טרעבאַ **).

גייען אָפּ די ברידער אָן אַ זייט און זענען זיך מיישב, וואָס צו טון, און אויפן הארצן איז זאָל גאָט שומר און מציל זיין !... אַז דער טאַטע איז געהרגעט, ווייסן זיי שוין אויף גע-וויס, נאָר גאָט ווייסט, צי זיי וועלן אים געפינען. אַ גויאיש שפּריכוואָרט: „דער גנב האָט איין וועג, און אַז מ׳גייט זוכן, האָט מען טויזנט וועגן". בלייבט ביי זיי, אַז מ׳זאָל אַדורכגיין דעם גאָרטן און די לאָנקע, וואָס הינטערן גאָרטן.

צעגייען זיך די ברידער יעדער אין זיין זייט; דער זאָגט, אַז ער גייט אַרויס אויפן פעלד אַ קוק טון אַ „שטיקל", דער גייט אויפן גאָרטן נעמען אַן אוגערקע צום ברויט. גייען זיי און קוקן אַרום זיך — אפשר זעט מען אַ בערגל, אפשר פריש צעגראָבן ערד, און אַזוי גייענדיק מיט דער לאָנקע, פאַרטשעפּעט זיך טוביה אָן עפּעס ביים גראָבן און פאַלט אום. הויבט ער זיך אויף, דער-זעט ער פון גראָבן סטאַרטשעט אַ זאַק, און פון זאַק — אַפּאָר

———

*) ניין, ער איז נישט געווען. איך האָב אפילו הערשקען נישט געזען.

**) און איך האָב זיך שוין געוווּנדערט, וואָס הערשקע איז נישטאָ, און דאָס געלט דאַרף מען האָבן.

פיס. מאַכט ער אַ געוואַלד, לויפן אַן די ברידער און נעמען אַרויס דעם טאַטן...

*

אברהם דער קצב האָט געענדיקט. ער האָט זיך רויק דעם פענכער פון בוזעם אַרויסגענומען און פאַרשאָטן אַ פרישע ליולקע. ר׳ בער דער שמש איז ווי פריער אויף דער שייט-האָלץ געזעסן, צוגעמאַכט די אויגן און אויסגעהערט די מעשה. אין אויוון איז שוין געווען צעבערנט. פון דער שטאַרקער היץ, וואָס עס האָט פון דאָרט אַרויסגעשלאָגן, האָט זיין אַלט צעקנייטשט פנים, ווי געבליט. די לאַנגע גרויע באָרד האָט אַלץ אינעווייניק צום פייער געצויגן, געצויגן און צוריק אָפּגעלאָזט — די מעשה איז אים באַקאַנט. נאָר ווען אַברהם דער קצב האָט געענדיקט, האָט ר׳ בער, נישט עפנדיק די אויגן, געפרעגט:

— געדענקסטו, וואָס דער צדיק ז״ל האָט געזאָגט, ווען מ׳האָט הערשלען אין שטאָט געבראַכט?

— וואָס האָט ער געזאָגט? — אַברהם געדענקט נישט.

— דער צדיק ז״ל האָט געזאָגט, אַז אין זכות פון די טעג, וואָס ער האָט געגעבן עסן תלמוד-תורה-קינדער, און די שבתים, וואָס ער פלעגט גרייטן פאַר אורחים, — האָט ער זיך געקאָנט אויפהייבן און קומען די קינדער צו חלום, ווייל דעם צווייטן אויף דער נאַכט האָט דער רשע בדעה געהאַט אים אַוועקנעמען פון גראָבן און באַהאַלטן אין שטאַל אונטערן מיסט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

די צוויי תפילה-ליכט, וואָס האָבן גלייך מיט דעם לעצטן אמן פון קדיש-יתום אָנגעהויבן לעשן, האָבן נאָך געצאַנקט, צאַנקנדיק אַלע ווילע אין אַ גוססדיקע רויטקייט, אויפגעפּראַלט אויף אַ ווילע, רויט באַלויכטן דעם עמוד, דעם „שויתי״, די מנורה, מיט די חיות האַלב-לייב, האַלב-אָדלער, די ווייס-אָנגעשוואָלענע מזרח-פענצטער און צוריק זיך אַראָפּגעזעצט אין די

גרין-פאַרזשאַווערטע לייכטער, אַלעמאָל זיך געוויזן זעלטענער, ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען.

צום ארון-הקודש איז מיטאַמאָל שטאַרק טונקל געוואָרן, און די טונקלקייט צוזאַמען מיט דער פינצטערניש, וואָס האָט זיך נאָך פון פאַרנאַכט אין דער ווייבער-שול פאַרקליבן, — האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אונטער די בענק און אין די ווייטע ווינקלעך פאַר דעם איינציקן לעמפל, וואָס האָט געברענט לעבן אויוון.

פון דאָרט האָט די פינצטערניש, ווי אַ גרויס שוואַרץ מוראדיק אויג אַרויסגעקוקט און געלאָקערט צו די צוויי בעל-הביתישע יינגלעך, וואָס האָבן זיך שטייפער צום עולם געטוליעט, מורא געהאַט זיך אומקוקן און געדורשט נאָך אַ צווייטע מעשה, וואָס זאָל נאָך שרעקלעכער זיין, כאָטש זיי זענען זיכער געווען, אַז נאָך דער מעשה וועט קיינער פון זיי נישט וואַגן צוצוגיין צום קעסטל, די גמרות אַרויסצונעמען. זיי האָבן מיט הנינה געקוקט אויף חיים-לייב דעם מלמד — אַן איינגעדאַרטער ייד מיט אַ שוואַרץ-גרויילעך בערדל, וואָס האָט אָפּגעהוסט און זיך געגרייט אָנצוהייבן די צווייטע מעשה.

## צווייטע מעשה

די צווייטע איז אַ מעשה מיט מלכּה-געליען.

מלכּה-געליע איז געווען אַ יידענע אַ סוחרטע, וואָס פלעגט האַנדלען אויף ירידים און פאָרן יעדע וואָך קיין בריסק נאָך סחורה פאַר די קרעמער, דער מאַן — אַ יושב-אוהל, געזעסן און געלערנט.

אין פלוג קאָן מען עפּעס האָבּן צו אַ יידענע, וואָס האַלט אויס אַ שטוב און שיקט אַ יינגל אין חדר און איר נאָמען איז באַוווּסט אויף מײַלן אַרום — מלכּה-געליע, מלכּה-געליע?!

דאַרף זי אָבער — זאָל זי מיר מוחל זיין, איר נשמה איז שוין געוויס אויסגעלייטערט — זיין אַ ליגנערקע. אָן אַ ליגן האָט זי קיין צוויי ווערטער נישט אויסגערעדט. און מיינט איר אפשר, אַז די פּרנסה האָט, חלילה, גורם געווען דערצו:— אַ יידענע דאַרף ברויט אין שטוב, שכר-לימוד פאַר אַ יינגל, דעם מאַן אַ זשופּיצע אויף שבת, אָדער מ׳פּאַלט אַריין אין אַ באָוול-סחורה, מ׳טרעפט אָן אויף אַ האַרטן סוחר — זאָגט מען אַ ליגן?!

האָט איר נישט געטראָפן. ביי איר איז געווען גלאַט אַ ליגן, אָן אַ קצת הנאה בצדה. אַ גוט-מאָרגן מיט אַ ליגן; זי דערציילט אַ מעשה, איז צוגעטשעפּעט אַ ליגן; טרעפט זי אַ היימישן מענטשן אין בריסק — דערציילט זי אים, אַז זיין ווייב

איז געלעגן געוואָרן און האָט געהאַט אַ יינגל, — פּרייט זיך יענער און פאָרט אַהיים אויפן ברית; אָדער זי דערציילט, אַז אין דער היים איז, חלילה, אַ קינד איינגעפאַלן אויף אַ טיפוס, צי אויף דיפטעריט, — שטעלן זיך יענעם די האָר קאַפּויער, וואַרפט ער אַוועק אַלע געשעפטן און לויפט אַהיים.

ערשט — לא דובים ולא יער, — מלכּה-געליעס אַ מעשה...

קומט זי אויף שבת אַהיים, זי איז נאָך פון וואָגן נישט אַראָפּ, האָט זי שוין דערציילט אַ ליגן. שבת אין שול ביים „אויסנעמען" דערציילט זי מעשיות נישט-געשטויגן, נישט געפלויגן. ווייבער ווינקען זיך איבער און בייסן די נעגל... זעט זי, אַז מען גלויבט איר נישט, — שווערט זי שבועות: „זי זאָל אַזוי דערלעבן נחת פון אירע קינדער", „צו דער טאָכטערס חתונה", „צו הערן דעם מוזיניקס אַ דרשה", „אירע ביינער זאָלן אַזוי קומען צו קבר-ישראל"...

— מלכּה-געליע, גאָט איז מיט אייך, מ'טאָר אַזוי נישט שווערן, מ'טאָר נישט, אל תפתח פה לשטן, איר האָט דאָך קליינע קינדער?!...

מאַכט זי זיך נישט דערפון. ערשטנס, זאָגט זי, איז דאָס אַן אמת — אירע ביינער זאָלן אַזוי קומען צו קבר-ישראל!... און צווייטנס, האַלט זי נישט פון אַזעלכע זאַכן...

און טוט ווידער איר זאַך, פאָרט קיין בריסק יעדע וואָך, האַנדלט אויף ירידים, פירט אַ שיינע שטוב, מאַכט חתונה קינדער און צו יעדן וואָרט: אירע ביינער זאָלן נישט קומען צו קבר-ישראל...

מאַכט זיך אַ מעשה, מ'פאָרט אויף אַ יריד קיין כאָמסק, אַ גרויסער יריד, בין כסא לעשור. פון די פעלדער איז שוין אַראָפּגענומען, דער גוי האָט פון אַל-דאָס-גוטס. ווער עס האָט אַ האַנט, דער פאָרט. איינער פירט רימעריי, איינער שוכוואַרג, דער פּעלצן, יענער שניט. מ'פאָרט קויפן סימיע, חזיר-האָר, פּעלעכלעך. עס פאָרן פערד- און אָקסן-הענדלער, עס פאָרן גלאַט יידן כאַפּן אַ קערבל, אַנדערע זענען געבוירענע כאָמסקער, און אַז עס

גייען פורן, פאָרט מען מיט, זען, וואָס טאַטע-מאַמע מאַכן און צוהעלפן אויפן יריד.

אַ פור קיין כאַמסק קאָסט פינף-זעקס רובל, אַפּאָר פערד — אַכט רובל, דינגט מען פורן בשותפות, און אַז מ'זאָל נישט קאַנקורירן, פאָרן זיך אַ חזיר-האָר-הענדלער מיט אַ שדכן, אַן אָקסן-הענדלער מיט אַ טאַנדעטניק, קאַניוכעס נעמען אַרויף אַ גרינגן פאַרשוין פאַר אַ טרונק בראָנפן; אַ ייד, וואָס פירט פעלצן, זעצט אַרויף אויבן, אויף די פעלצן, אַ קעסט-קינד אָדער אַ מיידל, וואָס שעמט זיך „דינען" אין היימישן שטעטל.

מלכּה-געליע באַצאָלט אַכט רובל פאַר אַפּאָר פערד מיט אַ באַקאַנטן גוי און פאָרט אַליין. אַז אַלץ האַנדלט זי און אַלע זענען איר דם-שונאים...

אויפן יריד איז אַ הו-האַ, אַז מען פאַרגעסט ווי מ'הייסט. דער טאָג איז קורץ און אַרבעט איז דאָ אַסך, און הענט האָט מען נישט מער, ווי צוויי, און גויים זענען כחול הים, מיט ווייבער און קינדער און „קומעס", וואָס שלעפּן פון אונטער דער ערד, און פערד מיט וועגן און „שטיקלעך" — אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. אחוץ קעשענע-גנבים מיט בעטלער און קאַטע-רינשטשיקעס און קונצנמאַכער...

אָפּגעפּטרט דעם יריד, טויט-רויט, עס ווערט נאַכט, דער עולם צעפאָרט זיך, יעדער זוכט-אויף זיין קאָמפּאַניע און פאָרט אַהיים. מלכּה-געליע — אַזוי ווי זי איז געקומען, אַזוי איז זי אַוועקגעפאָרן. אַנדערע זאָגן, אַז זיי האָבן זי געזען און אַנדע-רע זאָגן, אַז נישט. וויפל געלט זי האָט געהאַט ביי זיך, וואָס זי האָט געקויפט און פאַרקויפט — ווייסט קיינער נישט. שוין נאָענט צו דער היים, פאָרט מען דורך סובאָטער וואַלד. דאָס דאָרף איז נישט ווייט, עס הערט זיך אַ קריי פון אַ האָן, נאָך אַ קריי, נאָך עטלעכע קרייען — עס איז האַלבע נאַכט. הייסט מלכּה-געליע דעם גוי, ער זאָל זיך אָפּשטעלן, — אַזוי דער-ציילט דער גוי, — זי דאַרף עפּעס אין דאָרף און קומט באַלד צוריק, עס איז איר אַ רחמנות צו דרייען די פערד מיט אַ

שווערן וואָגן. איז זי אַראָפּ פון וואָגן, אַריין אין וואַלד און שוין — מער האָט מען זי נישט געזען...

אינדערפרי איז דער פויער געקומען אין שטאָט מיט דער פור סחורה אָן מלכּה-געליען. מ׳האָט זיך אַ לאָז געטאָן זוכן, אויסגעגעבענע קינדער האָבן זיך פון העמד אויסגעטועז און עד היום ווייסט מען נישט, ווו איר געביין אין אַהינגעקומען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

*

פון דאַמאָלט זענען שוין אַסך יאָרן אַדורך. אַז מ׳פאָרט פאַרביי דעם סובאָטער וואַלד, שטעלן זיך די האָר קאַפּויער. גיים דערציילן, אַז מ׳זעט זי אַרומשפּאַצירן אין וואַלד. זומער רייט זי אויף די פערד פון „נאָטשלעג". נאָר אין שטעטל איז פון איר קיין זכר נישט געבליבן. דעם מאַן האָט מען מתיר געווען חתונה האָבן, די קינדער האָבן זיך אויף דער וועלט צעשלאָגן. איין טאָכטער ווינט דאָ נישט ווייט, האָט זי נישט צו וועמען צו קומען אויף קבר-אבות...

ערשט שפּעטער מיט אַ יאָר אַכט-צען, מ׳פאָרט ווידער פון אַ יריד, פון זעלבן יריד. אַ שיינע נאַכט, אַ טרוקענע און אַ קילע. מ׳פאָרט טריט. דער עולם האָט זיך אין פלאַשטשן איינגעזיקלט, געלאָזן פריי די לייצעס, און דרימלען. יודל סובאָטער פאָרט פאָרויס מיט אַן אייגן פערד. ער איז דאָ געבוירן און קען דעם וואַלד, ווי זיינע צען פינגער. מיט אים זיצט אַ בחורל, וועלכן ער האָט מיטגענומען אַכטונג געבן אויפן פערד. אין וואַלד איז שטיל, עס הערט זיך אַ קנאַקן פון צוואַנציק „סנאָסטן" און אַ צופרידן כראַפּען פון די פערד. יודל איז צוזעק אַ שטיק פאָרויס. אַ ליידיקער וואָגן און אַ גוט פערד, עס הערט זיך פונדערווייטנס דאָס אָנקלאַפּן פון רינגעלע אין דער דוהע, און ווערט פאַרשוואונדן.

אָפּגעפאָרן אַ שטיקל — מ׳זעט זיך נישט. שרייט מען זיך איבער:

— יודל, אַהו... אַהו... יודל!!! — קיינער ענטפערט נישט.

גיט מען אַ טרייב די פערד. מ'פאָרט צו: יודלס פור־
אין אַריינגעקערט אין גראָבן. אויף יענער זייט גראָבן זיצט
דאָס בחורל, אַ שלעפּעריקס און טשוכעט זיך. — ווו איז יודל?
— ער ווייסט גאָרנישט. ער איז געשלאָפן, יודל איז אויך גע־
שלאָפן. דערווייל קומען אָן נאָך פורן, שפּאַנט מען אָפּ יודלס
פערד און מ'נעמט אַרויס דעם וואָגן, — יודל איז אונטערן
וואָגן. — יודל, יודל! — יודל איז טויט... אין גראָבן איז
געווען אַ קאַפּ וואַסער, קוים וואָס עס האָט אים צוגעדעקט
דעם קאָפּ ליגנדיק, און ער איז דערטרונקען געוואָרן.

אַז מ'האָט יודלען אַרויפגענומען אויפן וואָגן און געבראַכט
אין שטאָט אַריין, האָט מען זיך דערמאָנט אָן מלכּה-געליען.
אויף דעם אָרט איז זי אומגעקומען... און מ'האָט זיך אויך דער־
מאָנט, אַז דאָס-גאַנצע לעבן איז זי געווען מיט די „סובאָטער"
אויף מעסער-שטעך — — —

*

די מעשה איז געענדיקט. פון דעם קליינעם צפון-ווינטל,
וואָס האָט פאַרנאַכט אָנגעהויבן בלאָזן, איז געוואָרן אַ זאַווערוכע.
עס האָט יאָמעריק געוואָיעט אין קוימען און געריסן די פענצטער.
ערגעץ-ווו האָט דער ווינט אַ שינדל האַלב-אָפּגעריסן און האָט
מיטן שינדל אַלץ נאָכאַנאַנד אין פענצטער פון ווייבער-שול אָנ־
געקלאַפּט. דער עולם איז שטיל געווען, האָבן זיך צום אָנ־
קלאַפּן פון שינדל צוגעהערט און עס האָט זיי שטאַרק גע־
מאַטערט:

— ווו איז אַהינגעקומען מלכּה-געליע?...

נאָר קיינער האָט אויף דעם נישט געפרעגט.

דער דורשט צו די מעשיות איז געוואַקסן, און ווען דער
אַלטער ר' בער דער שמש האָט געהאַט פאַרלאָשן די האָלאָ־
ווע׳קעס און צוגעמאַכט דעם אויוון, האָט מען פאַר אים אויף
דער באַנק אין מיטן געמאַכט אַן אָרט. — אָט ער וועט עפּעס
דערציילן, וועט זיין וואָס צו הערן...

און נישט לאַנג האָט געדויערט און דער אַלטער האָט
אָנגעהויבן די דריטע מעשה.

## דריטע מעשה

— אין דעם וועט שוין זיין אַ יאָר אַכצן, צוואַנציק און אפשר די גאַנצע פינף-און-צוואַנציק (איך בין נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין שמש). מיין סערל איז מיר אָפּגעשטאָרבן, נישטאָ ווער עס זאָל אַ לעפל געקעכץ צושטעלן. צעלאָז איך דעם הדר, פאָר אַוועק אין אַ שטעטל און זעץ מיך לערנען אין אַ בית-המדרש.

זיצט מען אַזוי איינמאָל ביינאַכט און מ'לערנט. אַ קאַלטע נאַכט, אין אויוון איז גוט אויסגעהייצט, — לערנט זיך געשמאַק, עס לערנט נאָך אַ פּרוש, איך געדענק שוין נישט פון וואַנען; אַפּאָר גבירישע יונגעלייט האָבן געהאַט אַ משמר; אַן אָרימאַן האָט זיך אויסגעבעט אויף אַ באַנק און שלאָפט; נאָך איינער פאָרעט זיך הינטערן אויוון, אָדער ער ציילט געלט, אָדער ער זאָגט עפּעס פון אויסנווייניק.

עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט עמעצער אַריין אין אַ שינעל מיט צעריסענע וואָליקעס און אַ באַשליק אויפן קאָפּ. קיין פּנים זעט מען נישט, נאָר אַפּאָר אויגן, און ער איז אַזוי דערפרוירן, אַז קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים. ווייל ער זיך פונאַנדערגאַרטלען, אָפּבינדן דעם באַשליק — דינען אים נישט די הענט, די פינגער זענען ווי שטיקלעך גלאָז. אויסער דעם לאָזט זיך דער באַשליק נישט אַראָפּנעמען, איז איינגעפרוירן

אין דער באָרד מיט די וואָנצן, מאַכט מען פאַר אים אַן אָרט לעבן אויוון, ער זאָל זיך דערוואַרעמען. און אַז ער האָט אַראָפּגענומען דעם באַשליק, זעען מיר: אַן אַלטער גוי מיט אַ ווייסער באָרד, אפשר אַ האַלב יאָר נישט געשוירן. רעכנט מען — אַ גוי, אַ דורכגייער, האָט געזען אַן אָפן בית-המדרש, איז ער אַריין זיך אָנוואַרעמען. אַז ער איז געקומען צו זיך, זאָגט ער:

— גיט מיר שלום, איך בין אַ היגער.

גיט מען אים שלום און מ'פרעגט:

— ווער-זשע זענט איר?

דאָס לשון איז אויך, ווי אַ גוי רעדט יידיש...

זאָגט ער, אַז דעם טאַטן האָט מען גערופן אייזיק, ער איז געווען אַ שוסטער, די מאַמע — פריידע-צירל; זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע שטוב; די צוויי עלטערע שוועסטער געדענקט ער נישט, ווי זיי האָבן געהייסן, דעם בית-המדרש דערקענט ער נישט, ווייל ער איז איבערגעבויט, נאָר ער געדענקט, אַז דאָ ערגעץ — ער ווייזט אָן אויף דער צפון-וואַנט — האָבן זיי געהאַט אַ שטאָט. ניין יאָר איז ער אַלט געווען, ווען מ'האָט אים פון חדר אַוועקגעכאַפּט און אָפּגעגעבן פאַר אַ זעלנער... „באָזשע מאָי!" ער דערמאָנט זיך, ווי ער האָט אַמאָל, לויפנדיק מיט יינגלעך אַרום בימה, אומגעוואָרפן אַ שטענדער און איבערגעהאַקט אַ יינגל אַ פוס. „באָזשע מאָי!", ווי ערשט געדענקט ער עס, און ווישט די אויגן מיטן שינעל.

פון לערנען איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן, שטעלט מען זיך אַרום, די פאָר גבירישע יונגעלייט זענען אויך דאָ. דער אָרימאַן, וואָס איז נאָך נישט געשלאָפן, איז אַרויס פון הינטערן אויוון. פרעגט מען אים אויס, פון וואַנען ער קומט און ווי אַזוי, וואָס און ווען. דערציילט ער, אַז ער האָט געדינט אין זייער אַ ווייטער שטאָט, דערנאָך איז ער געווען אין „אָטסטאַווקע" און האָט געהאַנדלט אויפן „טאָלטשאָק", צווישן לויטער גויים.

ער האָט שוין פאַרגעסן, אַז ער קומט אַרויס פון יידן, איז געקומען צו אים דער טאַטע אין חלום און האָט אים

געהייסן גיין אַהיים אין דעם שטעטל, ווּ ער איז געבוירן, כאָטש די לעצטע יאָרן זיין צווישן יידן, זאָגן קדיש, זיך נאָכ-פרעגן, ווען ער איז געשטאָרבן און שטעלן אַ יאָרצייט-ליכט, ווייל עד היום האָט זיין נשמה קיין תיקון נישט.

האָט ער אַלץ אַוועקגעוואָרפן און האָט זיך געלאָזט גיין, ווי ער שטייט און גייט. אַ גאַנץ יאָר איז ער געגאַנגען צו-פיס. ווּ געטאָגט, דאָרט נישט גענעכטיקט. אומעטום זענען דאָ יידן. די בתי-מדרשים זענען אָפן. טרעפט מען אָן אַ דאָרף, וועט מען אויך נישט לאָזן אָן אַ שטיקל ברויט און אָן אַ טרונק וואַסער. נאָר אַז ער איז געקומען אַ מייל פינף פון דאַנען, האָט ער דערקענט דעם וועג, — מיט דעם זעלבן וועג האָט מען אים פון דער היים אַוועקגעטריבן. איז אים געוואָרן מאָדנע פריילעך, אַז עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען, און די פיס זענען אים לייכטער געוואָרן און ער האָט זיך געלאָזן גיין אַנטקעגן ווינט מיט דער זאַווערוכע, און אַ דאַנק דעם יידישן גאָט, וואָס ער האָט אים געבראַכט אַהער.

דערווייל הויבן אָן אָנקומען השכמה-יידן. זעט מען אָן אורח, אַ מאָדנער ייד מיט אַ זעלנעריש היטל, גיט מען אָפּ שלום, רעדט מען זיך צונויף — ווערט אַ שמחה: געצל פריידע-צירלס! עס זענען דאָ יידן, וואָס געדענקן אים — חברים, אין איין חדר געגאַנגען, צוזאַמען אַרבעס-סטרוטשעס פון די גערטנער געריסן... אַז דער טאַטע איז טויט, ווייסט ער שוין, די מאַמע איז נאָך פאַר אים געשטאָרבן. ווּ זענען די שוועסטער? דער-מאָנט מען אים, ווי זיי האָבן געהייסן: איינע כאַשע און איינע הענע. „באָזשע מאָי!" ער דערמאָנט זיך: כאַשע איז געווען די עלטערע, אַ געלע מיט פיר געלע צעפּעלעך. דערציילט מען אים, אַז זיי זענען אַוועקגעפאָרן דינען אין ביאַליסטאָק און דאָרט חתונה געהאַט. זיי לעבן שוין אַוודאי נישט. די שטוב האָט מען צוּערשט פאַרקויפט ישראל-כאַצקלס. אין דער ערשטער שׂרפה איז זי אָפּגעברענט געוואָרן, דערנאָך איז זי אַריבער צו בּענדעט דעם סטאָליער. היינט שטייט דאָרט אַ פערד-מיל.

דערמאָנט מען זיך די קינדערישע שטיפערייען, ווי אַזוי-

מ׳האָט אַמאָל צוגעבונדן דעם רבינס ציג ביים עק מיט נאָך אַ ציג און ביידע אָנגעטריבן; דערמאָנט מען זיך אָן דעם רבינס זיינוול מיט די בלינדע אויגן, אָן דער רביצין מיט גרויסן קאַלטן אונטערן טשיפיק. „באָזשע מאָי!״ קריינגע האָט זי געהייסן. ער געדענקט אַלץ, און דאָס פנים לייכט אים פאַר שמחה.

דערווייל הויבט אָן שאַריען אויף טאָג. דער עולם לייגט טלית־און־תפילין. זעט מען, אַז ער איז געקומען אָן אַ פעקל, גיט אים דער שמש אַ טלית־און־תפילין; זאָגט ער, אַז קיין טלית דאַרף ער נישט, ווייל ער איז נאָך אַ בחור, און די תפילין ווייסט ער נישט, ווי מ׳טוט זיי אָן.

דרייט מען אים אַרום דעם של־יד, מ׳מאַכט אַ קשר, מען טוט אים אָן דעם של־ראש, מ׳גיט אים אַ סידור אין האַנט און מ׳פאַררעכנט אים צום מנין.

שטייט ער, ווי אַ גולם אין שינעל מיט דעם זעלנערישן היטל, און ווייסט נישט, וואָס צו טון. ער האָט אַלץ פאַרגעסן... זאָגט מען אים, אַז ער זאָל זיך צוהערן צום בעל־תפילה, וועט ער יוצא זיין מיט אמן יהא שמיה רבא.

צום קדיש־יתום פירט מען אים צו צום עמוד — מ׳ווייסט שוין פון דעם, וואָס דער טאַטע איז אים געקומען צו חלום. מ׳זאָגט אים פאָר דעם קדיש, ער זאָגט נאָך און וויינט, ווי אַ קליין קינד...

נאָכן דאַווענען ברענגט מען פון אַ שטוב אַ טעלער געקעכץ מיט ברויט אויף אָנבייסן.

דער צווייטער מנין קומט שוין צום גרייטן, — מ׳ווייסט שוין אַלץ. מ׳שטעלט זיך אים אַרום און מ׳קוקט, ווי ער עסט. יינגלעך שפּאַרן זיך און ווילן אַ טאַפּ טון דעם שינעל... און ביז דער עולם איז זיך צעגאַנגען, האָט מען אים באַשטעלט „טעג״, געבראַכט אַ יידיש אָנטון, — אַ העמד, אַ שטיקל פּלאַשטש, אַ יידיש היטל, אַ טלית־קטן.

ווייל ער נישט. אַן אַלט מלבוש — זאָגט ער — קען מען נעמען, דער בית־המדרש איז קהלס, נאָר עסן אומזיסט ווייל ער נישט.

וואָס דען? ער וועט אין יעדן שטוב, ווו ער עסט אַ טאָג, טראָגן אַ גאַנצע וואָך וואַסער, וועט ער וויסן, אַז ער עסט נישט קיין אומזיסט ברויט...

בלייבט אַזוי. יעדן פאַרטאָג כאַפּט ער זיך אַרויס און טראָגט אָן וואַסער אין זיבן הייזער. ווייטער געפינט ער זיך אין בית-המדרש, איז מען אים מצרף צו אַ מנין, פאָלגט ער אַמאָל אַ גאַנג אַ בעל-הבית, וויל אים דער שמש מהנה זיין, גיט ער אים צו האַלטן דעם ספר שבת ביים אויסנעמען. און אַז דער רבי זאָגט עין-יעקב אָדער אַ פּרשה חומש פאַרן עולם שטייט ער פון הינטן און הערט זיך-צו; געפעלן אים די מעשיות און ער האָט שטאַרק הנאה. אַ קליינינקייט, אַזוי פיל יאָרן צווישן חזיר...

*

אַזוי איז ער געווען אַ פריילעכער, אַ באַריידעוודיקער.

— וואָס מאַכסטו, געצל?

— „זדראַוויע זשעלאַיו, ראַד סטאַראַטסיאַ" *).

מיט די יינגלעך אויסגעקאָכט, דאָס לעבן מיט דער נשמה:

— אַנו, געצל, „בערי לאָזשקו, בערי באַק, כליעבאַ ניעטו, ביעגי טאַק" **).

פאַרנעמט ער די הענט צום האַרצן און לויפט אַ „בעגאָם" איבערן בית-המדרש...

נאָר אָפּט, ביי-נאַכט, מ'זיצט און מ'לערנט, עס איז שטיל, עס לערנט זיך געשמאַק, געצל שלאָפט שוין פון אַ גוטע פאָר שעה, אויסגעבעט אויף דער באַנק מיט דעם שינעל צוקאָפּנס. פלוצלינג — אַ קרעכץ, נאָכאַמאָל אַ קרעכץ: „באָזשע מאָי, מיין איינציקער יידישער גאָט"... לייגט מען אַוועק די גמרא און מ'גייט צו.

— ר' געצל, גאָט איז מיט אייך, וואָס איז? מיר האָבן דאָך געמיינט, אַז איר שלאָפט?

---

*) כ'ווינטש געזונט, גרייט צו דינען.

**) נעם דעם לעפל, נעם די שיסל, נישטאָ קיין ברויט, לויף אַבּיסל.

— עך, קינדערלעך, עס שלאָפט זיך נישט... אייך איז גוט, דאָס גאַנצע לעבן געווען יידן, געדאַוונט, אָפּגעהיט דאָס יידיש־קייט. אָבער איך, אַלטער נאַר, געלעבט ווי אַ הונט און וועל שטאַרבן ווי אַ הונט, עס וועט נישט זיין, ווער עס זאָל כאָטש אַמאָל אַ ליכטל שטעלן...

ווערט עפּעס מאָדנע אומעטיק. נישט קיין היים, נישט קיין קינד, צו וואָס האָט טאַקע אַ ייד אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן, כדי ער זאָל קענען זינגען „בערי לאָזשקו, בערי באַק"?..

איינמאָל, ביינאַכט, מ'זיצט אַזוי און מ'לערנט, אַ שווערע סוגיא, אַ פאַרדרייטע, קומט ער צו, טייטלט מיטן פינגער:

— רבי, וואָס איז דאָס?

ענטפערט מען אים:

— גמרא.

— איך וויל, — זאָגט ער, — אַז מ'זאָל מיט מיר דאַוונען גמרא.

זאָגט מען אים, אַז גמרא דאַוונט מען נישט, גמרא לערנט מען, און אַז דאָס איז נישט פאַר אים, ער וועט עס נישט פאַרשטיין, לאָזט ער זיך נישט איינרעדן און בעט מיט טרערן אין די אויגן — ער וויל דאַוונען גמרא. ווייסט מען נישט, וואָס צו טון. שוין אַ קיילעכיק יאָר, ווי אַלע יינגלעך, וואָס קומען אַריין אין בית־המדרש, לערנען אים עברי און עד היום קען ער נאָך נישט דאַוונען, וועט מען זיך זעצן לערנען מיט אים גמרא?! נאָר אַז ער שטייט צו און הערט נישט אויף צו בעטן, נעמט אָן ביים האַרצן, וויל מען אים נישט מבייש זיין, הייסט מען אים זיך זעצן צום טיש און איינהערן. און מ'הויבט־אָן די סוגיא פון אָנהויב. געציל קוקט אַריין און זאָגט נאָך מיט כוונה וואָרט־ביי־וואָרט מיט אַזאַ עברי, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין, ביז ער באַרויקט זיך, ווערט פריילעך און גייט צוריק אויף זיין געלעגער.

*

איינמאָל אינדערפרי, נאָכן דאַוונען, קומט אַריין דער

„דעסיאַטניק״, אין האַנט אַ פּאַפּיר פון „סטאַנאָוואָי״ און פרעגט אויף פּאָסטאָלן.

ווער איז פּאָסטאָל? ווּעמען רופט מען פּאָסטאָל?

ערשט מ׳גיט אַ קוק אויף געצלען — אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד. דאָס מיינט מען אים. אַז נאַטשאַלסטווע הייסט, פאָלגט ער. הויבט ער זיך אויף און גייט מיט, נאָר קוים וואָס ער הויבט אַ פוס, ווי להבדל אַן אָקס, וואָס מ׳פירט צו דער שחיטה...

אין אַ שעה אַרום — ער איז דאָ צוריק, אַ צעקלאַפּטער, מיט בלויע סיניאַקעס אונטער די אויגן, מיט אַן אָפּגעשניטענער פּאה אין האַנט און אַ צעריסן טלית-קטן, פאַררוקט זיך הינטערן אויוון אין כליפּעט. אַ טאָג און צוויי — ער ווייזט זיך נישט אַרויס; ברענגט מען עסן פון „טאָג״, נעמט ער נישט צו; הויבט מען אָן צושטיין: געצל, וואָס איז מיט אייך? וואָס איז געשען? דערציילט ער, אָבער קוים וואָס ער רעדט, — צוויי מצת-לעת קיין קאַפּ וואַסער אין מויל נישט געהאַט, — ער דערציילט און וויינט, וויינט און דערציילט.

ווי אַזוי מ׳פלעגט טרייבן דורכן סטראָי, פון ביידע זייטן מיט געזאָלצענע ריטער, צוגעהיילט און ווידער געשמיסן.

ווי אַזוי מ׳האָט פינף יידישע יינגלעך פאַרשפּאַרט אין אַ הייסער באָד, דריי זענען דערשטיקט געוואָרן פון היץ.

ווי אַזוי מ׳פלעגט שטעלן באָרוויס אויף געשטויסענע גלאָז מיט ראַניעץ אויף די פּלייצעס גאַנצע צוויי וואָכן טאָג-אויף-טאָג.

— באָזשע מאָי, דו איינציקער יידישער גאָט! פאַרוואָס האָסטו מיר מער קיין כוח נישט געגעבן, פאַרוואָס בין איך נישט דערשטיקט געוואָרן אין באָד, אינאיינעם מיט די דריי יינגלעך. און פאַרגייט זיך וויינענדיק.

מער דערציילט ער נישט. דאָס איבעריקע דערוויסט מען זיך פון „דעסיאַטניק״.

דער „סטאַנאָוואָי״ ווייזט אים זיין ביכל און פרעגט, צי ער קען לייענען.

זאָגט ער: — ניין.

— וואָס דאָ שטייט געשריבן, ווייסטו?

זאָגט ער: — איך ווייס.

— ווייסטו, אַז דו געהערסט נישט צום פּראַוואָסלאַווו-נעם גלויבן?

— איך ווייס.

— פאַרוואָס-זשע טראָגסטו פּאות מיט אַ לייבסערדאַק און פאַרוואָס שלאָפסטו אין דער זשידאָווסקער „באָזשניצע"?

ענטפערט ער, אַז דער טאַטע איז צו אים געקומען צו חלום און געזאָגט, ער זאָל ווערן צוריק אַ ייד...

מער האָט שוין דער „סטאַנאָוואָי" נישט געקענט איבער-טראָגן און האָט אים דערלאַנגט איין מאָל און צוויי מאָל, אַראָפּגעריסן דעם טלית-קטן, אָפּגעשניטן אַ פּאה און אַרויס-געוואָרפן אין דרויסן און פאַרזאָגט, אַז ער זאָל פאַרלאָזן די זשידאָווסקע זאַכן און גיין יעדן זונטיק אין צערקווע. אַנישט, פאַרשמידט ער אים אין קייטן און שיקט אים אַוועק, אַז מ'וועט נישט וויסן, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען...

ווערט אין שטאָט אַ מהומה—מיר זענען די שוואַכע, מיר זענען אין גלות, פאַלט אַריין אַ ייד אין גויישע הענט איז ער, ווי אַ שעפּעלע ביי װעלף. דער רב איז גוזר-תענית, מען רייסט-איין דעם צדיקס קבר, גבירישע בעלי-בתים פּרוּוון פאַר-שטעכן דעם „סטאַנאָוואָי" די הענט... זאָל עס נישט צוקומען, ער כאַפּט זיך צום ביקס, זיין אמונה וועט ער פאַרקויפן פאַר געלט?.. און דאָ איז שוין געצל ביי אַלעמען אַזוי באַליבט, איינגעבאַקן אין האַרצן, און דאָס רחמנות — ממש מ'זעט, אַז עס עקט זיך אים דאָס חיות...

זעט מען דאָך, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו מאַכן, דינגט מען אים אַ דירה נישט ווייט פון בית-המדרש, אַזוי אַז זומער, ווען די פענצטער זענען אָפן, הערט ער חזרת-הש"ץ און קריאת-התורה יעדעס וואָרט. און יעדן טאָג קומט אַ ייד, טוט אים אָן די תפילין און זאָגט אים פאָר דאָס דאַווענען. און יעדן זונטיק קומט דער „דעסיאַטניק" אים פירן אין צערקווע אַריין...

טרעפט ער אים ליגן אין בעט און גייט אוועק מיט גאָר־גישט. גלויבט אָבער נישט דער „סטאַנאָוואָי״ דער צורר און קומט אַליין. זעט ער — אַן אַלטער ייד, אַ שברי־כלי, וואָס קען ער מאַכן?

און ווי ער איז נאָר פון שטוב אַרויס, איז שוין געצל ווידער אַ מענטש, זיצט ביים טיש און זאָגט נאָך דעם תהילים, וואָס אַ ייד זאָגט אים פאָר. ראש־השנה און יום־כיפור מעג אים דאָס לעבן קאָסטן, ווייל ער זיין מיט יידן אינאיינעם. גנבעט ער זיך אַריבער דאָס שטיקל וועג, באַהאַלט זיך אויס הינטערן אויוון און דאַוונט אין שול מיט אַלע יידן.

דער רשע, דער „סטאַנאָוואָי״, שטויסט זיך, אַז מ׳נאַרט אים און איז מתרה: אַז אויב געצל וועט דעם גרויסן יום־טוב „ראָזש־דעסטוואָ״ נישט קומען אין „צערקאָוו״, וועט מען אים אַוועק־טראָגן מיט דעם בעט...

ווייל אָבער נישט דער יידישער גאָט, אַז אַ ייד זאָל האָבן אַזעלכע שפיכת־דמים. מסתמא איז שוין געווען פאַרפולט די מאָס, די נשמה אויסגעלייטערט, הויט און ביינער. און די נאַכט פון ניטל — געצל גוססט. מ׳האָט אָנגעזאָגט אין בית־המדרש, קומען מיר צו לויפן עטלעכע מענטשן, ער האָט שוין נישט קיין דיבור, ער האָט קוים באַוויזן אָפּצוקלאַפּן אָשמנו. און איז אויסגעגאַנגען...

הויבט מען אים אָפּ אויף דער ערד, אַפּאָר יידן בלייבן לעבן טויטן, און זאָגן תהילים. דער שמש לויפט אָנזאָגן דעם רב, די גבאים. די נאַכט איז לאַנג, מ׳קען אים אָפּטון זיין רעכט און ביז טאָג ברענגען צו קבורה.

האָט אָבער חברה־קדישה מורא, עס שמעקט מיט קאַטאָרגע. קלויבט מען צוזאַמען אינמיטן דער נאַכט אַן אַסיפה און מען קלערט, וואָס טון... דערווייל גייט אַוועק די נאַכט, און אינ־דערפרי מ׳האָט נאָר אָנגעהויבן די ברכות פון ערשטן דאַוונען, און זיי זענען דאָ. דער „סטאַנאָוואָי״, דער „אוריאַדניק״, „דיע־סאַטניק״, דער גלח און גויים אַ פולע גאַס. די פאַר יידן, וואָס

זענען לעבן טויטן געזעסן, האָבן זיך קוים מיטן לעבן אַריבער־געכאַפּט אין בית־המדרש...

דעם גאַנצן טאָג האָט זיך פון קלויסטער געטראָגן אַ קלינגעריי. מ׳האָט נישט געוווּסט, ווען עס איז צוליב געצלען און ווען עס איז צוליב חגאָ. עס איז געווען זייער יום־טוב, אַ גרויסער יום־טוב. פון די אַרומיקע דערפער זענען אַסך גויים אָנגעפאָרן מיט סחורה צו פאַרקויפן און לייזעכץ אין די קראָמען. און אין גאַס איז נישט געווען צו זען אַ ייד. די קראָמען זענען געווען פאַרמאַכט. אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן אין די בתי־מדרשים.

מ׳האָט גוזר־תענית געווען, און מיט פאַרפינצטערטע פנימער איז מען פאַרן אָפענעם אָרון־קודש געשטאַנען און געזאָגט תהילים און געבעטן תיקון פאַר אַ יידישער נשמה. מען האָט אַסך מאָל אין „אשרי תמימי דרך" דעם נאָמען „געצל בן אייזיק" און „ימחול עונות" איבערגעלייגט, און געוויינט און געטענהט און געפרעגט: „עד מתי, אלהים?"—גאָטעניו, ביז ווי לאַנג? עד מתי?...

אויף מאָרגן האָבן ווידער געקלונגען די גלאָקן, און אין בית־המדרש האָט מען געזאָגט תהילים פאַר זיין נשמה...

אויפן דריטן טאָג, דאָס איז געווען שבת, האָט מען אים באַהאַלטן. עס איז געווען אַן אומעטיקער שבת. מען האָט איינער דעם אַנדערן זיך רעכט קיין „גוט־שבת" נישט אָפּגעגעבן. עס איז נישט געווען אין קאָפּ אַ שבתדיקן בגד אָנצוטון.

אַזוי איז אַוועק דער טאָג. מ׳האָט שוין אָפּגעדאַווענט דעם וואָכנדיקן מעריב מיטן „ויתן־לך" — דער עולם צעגייט זיך נישט. מען רעדט אַלץ פון געצלען. מ׳קען זיך דאָס האַרץ נישט שטילן.

ווי וועט עס זיין? ווי וועט ער זיך שטעלן פאַרן בית־דין־של־מעלה?...

אַרום האַלבער נאַכט, קיין זייטיקע מענטשן זענען שוין נישט געווען, לויפט אַריין דער שמש — אַ גרויסער ערלעכער ייד, אַ בייזער און אַ בעל־כוח, מיט אַ פאַרלאָשענעם לאַמטערן אין האַנט און רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט:

— בער, אַ מצווה ווילסטו?
— אוודאי וויל איך.
— האָסטו געננוג כוח מקדש ה׳ צו זיין?
— איך האָב.
— טאָ קום!

מיר זענען אַרויס אינדרויסן. עס איז געווען אַ פּראָסט מיט אַ שטאַרקן ווינט. פאַרן בית-המדרש איז געווען אַ גרויסע הורבע שניי אָנגעטראָגן און אַ האַלבן פּאָליש פּאַרטראָגן. אין גאַס איז מען שוין געשלאָפן, נאָר פון געצלס פענצטער האָט געשיינט דאָס קליינע לעמפּל, וואָס מען האָט אָנגעצונדן פאַר זיין נשמה.

דער שמש גייט פאָרויס, איך — נאָך אים, מיר גייען און שווייגן. קיין סטעזשקע איז נישט צו זען. דער שניי האָט פאַר-טראָגן און עס שווינדלט אין די אויגן. הינטערן שטאָט האָט געוואַרט אויף אונז אַ שליטן מיט עטלעכע יידן. איך געדענק נאָך די יידן — צוויי בויערס מיט אַ קצב און דער בעל-עגלה, אַלע פון אונזער בית-המדרש. מ׳הייסט מיר זיך זעצן אין שליטן. און מיר פאָרן שטיל...

פאָרן מיר אָפּ אַ שטיקל וועג און מ׳שטעלט זיך באַלד צו. מ׳קריכט אַראָפּ, מ׳בינדט צו דאָס פערד צום פאַרקן. מיר דוכט, אַז דאָס איז דער גוישער בית-עולם. וואָס וועט דאָ זיין? דער שמש קאָמאַנדעוועט:

— זאָלן צוויי נעמען די שטריק, וואָס אין וואָגן און צובינדן די טיר ביים היטער, די איבעריקע זאָלן נעמען די גראָבאייזנס און גיין מיט מיר.

מיר זענען אַריבער דעם געמויערטן גדר. דאָס גאַנצע פעלד איז ווייס. עס איז קוים צו זען אַן אויסגעבויגטן צלם פאַר-טראָגן מיט שניי.

מיר טרעטן אויף קברים מיט אויסגעלייגטע צלמים. דער שמש גייט פאָרויס, זוכט מיטן שטעקן און רעדט צו זיך (ער האָט עפּעס אַ סימן. עס איז געווען אַ צוגעגרייטע זאַך...).

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווייזט אונז, ווו צו גראָבן, מיר האָבן אָפּגעוואָרפן דעם שניי, נאָכן שניי גייט ווייכע, פריש־אָנגעשאָטענע ערד... אונזער שרעק איז שוין אַריבער, מיר ווייסן, וואָס דאָ וועט זיין... עס אַרבעט זיך שנעל. מיר איז הייס געוואָרן און איך האָב אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע. עס האָט געגעבן אַ טעמפּן קלונג.

עמעצנס אַ גראָבאייזן האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן דעקל, דאָס האָרץ האָט אַ ציטער געטאָן פאַר פרייד. דער שמש האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין גרוב, אָפּגעשאַרט דאָס זאַמד און אָפּגעדעקט.

דער שניי האָט אַריינגעלויכטן, מיר האָבן אים דערקענט — פונקט ווי ווען מיר האָבן אים מיט דריי טעג צוריק אויף דער ערד אָפּגעהויבן... מיר האָבן אים אַרויסגענומען, פאַרשאָטן דעם גרוב און אַריבערגעטראָגן דעם גדר. דאָרט האָט געוואַרט דער שליטן. דער שניי האָט אַלץ געדרייט, און באַלד פאַרטראָגן אונזער שליאַד...

אין „אוהל” האָבן שוין געוואַרט חברה־קדישה מיטן רב זצ"ל, עס איז געווען צוגעגרייט תכריכים און וואַרעם וואַסער — מ'האָט אים אָפּגעטון זיין רעכט... און ווען מיר האָבן די ערשטע שויפל ערד אויפן קבר אַרויפגעשאָטן, האָט אים דער רב מחילה געבעטן:

— געצל, זאָלסט וויסן, אַז דו ביסט געשטאָרבן און אונז מוחל זיין, וואָס מיר האָבן דיין רו געשטערט, און מוחל זיין אַלע באַקאַנטע און פריינט און דער גאַנצער שטאָט, און מוחל זיין די אַלע, וואָס האָבן דיר שלעכטס געטון און פוגע בכבוד געווען סיי ביים לעבן און סיי נאָכן טויט. זאָל זיי גאָט באַצאָלן, וואָס זיי האָבן מיט אונז געטון...



דער אַלטער האָט געענדיקט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.
דער עולם איז אַ ווײַלע געזעסן שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי זיי וואָלטן נאָך האָבן איינגעהערט אין דעם סוף פון דער מעשה, וועלכע איז געענדיקט און נישט געענדיקט... די צוויי בעל־הבתּישע ייִנגלעך האָבן הויך געכליפּעט, זיי האָבן עס ביז ערשט נישט באַמערקט, ערשט אַז זיי האָבן דאָס באַמערקט האָבן זיי זיך געשעמט. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס איז דאָ צו וויינען, און עס איז זיי שווער געווען אײַנצוהאַלטן דאָס געוויין...
אין דרויסן האָט אַלץ געדרייט, געפּייפט און געוואָיעט אין קוימען. דאָס שטיקל שינדל איז נאָך אַלץ געהאָנגען און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער פון דער ווייבער־שול. און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס זענען נשמות, פאַרוואָגלטע נשמות, וואָס דרייען זיך אַרום אין דער זאַוויערוכע־נאַכט און זוכן תּיקון, און קלאַפּן אַריין, און בעטן זיך, מ׳זאָל זיי אויסלייזן און אויף זייער אָרט ברענגען....

תּל־אביב — ז׳ אלול, תרע״ד

...נאָך דריי וואָכן, אכצן טעג, פון דעם דינסטיק איבער צוויי וואָכן...

און עס וואָלט זיך וועלן, אַז דער דינסטיק, דער פּופצע־טער, זאָל קיינמאָל נישט קומען. זאָל ער ערגעץ פאַרלאָרן גיין...

און פאַרוואָס גייט אָפּ די שיף פון ראָטערדאַם דווקא דעם צוואַנציקסטן?... און פאַרוואָס דאַרף מען האָבן פינף טעג אויף צו מאַכן דעם גרענעץ מיט דער רייזע ביזן שיף?...

פאַרוואָס?..

אין שטוב איז אַן אומאָרדענונג, איבער וועלכן עס שוועבט אַרום עפּעס שווערעס און דייטלעכס... גאָר דייטלעכס, און דאָך ווילט זיך עס נישט גלויבן...

די מאַמע, אַ קראַנקע יידענע מיט אַ פאַרשאַריעט ברוין איינגעפאַלן פּנים, באַקט קיכלעך, טרוקנט סוכאַרעס פאַרן קינד אויפן וועג, און זי וואָלט וועלן, אַז אַלץ וואָס זי מאַכט זאָל גוט זיין, זאָל געראָטן אַרויסקומען — און טוט אַלץ אַריין אַסך, זי האָט די מאָס פאַרלוירן. און ביי אַלץ חיינט זי, און אויף וואָס זי נעמט אין האַנט גיסן איר טרערן — און די טרערן גיסן זיך אַזוי לייכט און שטיל, אָט ווי נאָך אַ הויפן צוקער אין לעקעך, ווי נאָך אַ גלעזל בוימל אין קוכן.

נאָר אַז זי ווארפט פלוצים אַוועק די אַרבעט און זעצט זיך

צו אויסצוּוויינען, דערוויסט מען זיך גלייך וועגן וואָס דאָס איז, און עס ווערט אַזוי שווער...

דער טאַטע, אַ גרויער פאַר דער צייט — קיין זאַך אין לעבן האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, האָט דעם קינד ווייניק פרייד אין איר קורץ לעבן געשאַפן, — ער פילט דאָס ערשט, — זייער ווייניק, נאָך ווייניקער וויפל די קראַנקע מאַמע האָט איר געגעבן, און ערשט שיקט ער איר אין דער ווייטער וועלט אַריין, זי זאָל אַליין פאַר זיך איר גליק געפינען. אין דעם גרייטן-זיך העלפט ער גאָרנישט, ווי ער לייגט צו אַ האַנט איז זי איבעריק. עס פאַרדריסט אים, און ער וואָלט וועלן, אַז אַלץ, וואָס זי נעמט מיט זיך, זאָל גוט זיין, אַלץ וואָס מ'מאַכט איר זאָל שיין אַרויסקומען, און טייער קאָסטן, זאָל זי אַלץ פון שטוב פאַרנעמען. דאָס איז דאָך איר גאַרדעראָבע, און חתן-מתּנות, און דרשה-געשאַנק, און דער ווין צום קימפּעט, און דעם זיידנס מתּנה צום קינדס בר-מצווה...

און זי אַליין, דאָס מיידל, די עלטסטע טאָכטער, איז נאָך גאָר אַ קינד מיט אַ בלייך געזיכט און צעשראָקענע אויגן, ווייסט פון אַלץ און ווייסט פון גאָרנישט, לאָזט זיך פון דער שניי-דערקע מעסטן דאָס קליידל און עס זעט איר אויס אַזוי מאָדנע, פונקט ווי זי וואָלט ביי דעם אַלעמען גאָרנישט געווען, זי פאַרמאַכט די אויגן, ווען זי קלערט דערפון, און עס דאַכט זיך איר אַלץ אַזוי ווייט — ווייט...

הינטער זיבן וועלדער, אויף יענער זייט זיבן ימים, דאָרט וואַרט אויף איר דער באַשערטער — — — פונקט ווי אין די קינדערשע מעשהלעך...

נאָך אין צוויי וואָכן, צוועלף טאָג, פון מאָרגן איבער-אַכטאָג... אַלץ אין שטוב, דאַכט זיך, ווייסט פון דעם חשבון און ווער עס קומט אַריין דערלאַנגט די פינגער צום רעכענונג:

— פון דעם שבת איבעראַכטאָג וועט זי זיין אויפן שיף, אין דריי וואָכן אַרום אויפן אָרט.

— און ווייטער?..

קיינער, אפילו דער קליגסטער אין שטוב, קען נישט באַ-קלערן וואָס עס קען זיין נאָך דריי וואָכן...



*

אין שטוב איז מען זייער פרי אויפגעשטאַנען, און מען ווייסט נישט צו וואָס. אַלץ איז שוין אָפּגעטון, דער באַגאַזש פאַרפּאַקט און אַוועקגעשיקט, די באַן גייט אָפּ ערשט פאַר-נאַכט.

איבערן שטוב טראָגט זיך אַרום אַ שטילער ווייי און צע-לייגט זיך ביי אַלעמען אויף די פּנימער. אַלע שווייגן. און טאָ-מער זאָגט ווער אַ וואָרט, דאַכט זיך אין דער שטילקייט, ווי עמעץ וואָלט געשריגן און מ'ווייסט נישט פאַרוואָס, וואָס איז דאָ צו שרייען?...

מיטאָגצייט האָבן אָנגעהויבן צוזאַמענקומען מיידלעך-חבר-טאָרינס, האָבן זיך מיט איר אין אַלקער פאַרמאַכט, איר אָנצו-טון, די צעפּ פונאַנדער- און אויסגעפלאָכטן. מיידלש-ווייך זי געגלעט און אויסגעקושט.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן: פעטערס און מו-מעס און משפחה און באַקאַנטע און שכנים—אַ פולע שטוב. און פרעמדע קינדער פון גאַס האָבן זיך אין די פענצטער אָנגע-שטעלט. און אין שטוב טראָגט זיך אַרום אַ טומל, ווי אויף אַ חתונה, ווי צו אַ לוויה. איינער ווייסט נישט פון אַנדערן. און קיינער ווייסט נישט ווער עס איז דאָ און ווער עס האָט פאַר-פעלט צו קומען...

אין שטוב איז נישטאָ מיט וועמען זיך געזעגענען — אַלע גייען צום באַן — אויסער מיט דער שטוב אַליין, מיט דעם קליין-מיידלש אַלקערל, מיט דעם בעטל, אין ווייס באַצויגן און ראָזע פאַרהאַנגלעך ביי די זייטן, און מיט דער אַלטער קלוגער ווייסער קאַץ, וואָס איז אויף דער קאָמאָד געזעסן און פאַרוווּנ-דערט צו אַלעמען צוגעקוקט...

זי, ס'מיידל, איז צעטומלט און קינדיש-שרעקנדיק, אין אַ העל קליידל און בלויע סטענגלעך אין די האָר מיט זייער אַ בלייך פּנים, איז געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן און

באַטראַכט, לאַנג באַטראַכט און אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט, עס זאָל איר פונדערהיים לענגער בלייבן אין זכרון.

ווען זי האָט אָנגעהויבן זיך געזעגענען מיט דער שטוב, איז אין שטוב שטיל געוואָרן, אַלע האָבן איר נייגיריק נאָכגעקוקט. די ווייבער האָבן זיך געפּלייסט צו וויינען, פריער האָט מען געקרימט די פּנימער, צוגעטראָגן די פאַרטעכער צו די אויגן, דערנאָך האָט מען זיך איינגעוויינט. מומעס און נענטערע משפּחה האָבן הויך געהעשעט און זיך געטרייסלט העשענדיק...

דאָס מיידל איז אינמיטן שטוב שטיין-געבליבן, ווי זי וואָלט פרעגן:

— נו, וואָס האָב איך ערשט צו טון?

דער עולם האָט זיך שטום פונאַנדערגערוקט און איר געלאָזט אַ וועג צום טיר. פאַר דער טיר האָט איר דער טאַטע דערמאָנט אַ קוש טון די מזוזה, און מיט דעם רעכטן פוס אַריבערגיין די שוועל — זי האָט געפאָלגט, צופרידן זייענדיק, וואָס זי קען אים מיט עפּעס צוליב טון. זאָל ער איר נאָך עפּעס בעטן — ער וועט זעען, ווי זי וועט אַלץ פאָלגן. אויף די שפּיץ פינגער האָט זי זיך צו דער מזוזה אויפגעהויבן, און איבערן שטוב האָט זיך אַ הילכיק-וואַרעמער קוש צעטראָגן פון מויל צו מזוזה. נאָך איר האָבן זיך טאַטע-מאַמע און עלטערע פרומע יידן און יידענעס מיט די פינגער צו דער מזוזה געצויגן און מ'איז אַראָפּ אין גאַס.

*

צום באַן איז נישט ווייט, אַפּנים וויאָרסט, אַ באַקאַנטער וועג.

— נו? וועט מען גיין צופוס.

און אַוועק איז מען אַזוי:

זי פאָרויס און אינמיטן, אין דעם העלן קליידל מיט אַ העל שטרויען קאַפּעליושל באַגאָסן מיט אַ ראָזע פאַרנאַכטיקע שטילקייט, ביי דער זייט טאַטע-מאַמע און פעטערס און מומעס

און משפּחה אָנגעטון אין שבתדיקע קאַפּאָטעס. אין טשיפּיקעס מיט קווייטן, ווי מ'וואָלט איר צו דער חופּה געפֿירט... און אַרום שכנים און גלאַט באַקאַנטע, און קינדער פֿון גאַס. און פֿאַרבייגייענדיק איז מען פֿאַר די קראָמען געשטאַנען, פֿאַר די טירן אַרויסגעגאַנגען, האָט מען זיך אין די פֿענצטער געשטעלט און נאָכגעקוקט און זיך געזעגנט, און געוווּנשעוועט און נאָכגעשריגן:

— פֿאָרט געזונט, פֿאָרט געזונט!...

און די מיידלעך, אירע צייכן־חברטעס, זענען אויך דאָ, האָבן איר אָנגעטוען, די צעפּ פֿונאַנדער־ און אויסגעפֿלאָכטן, זי געגלעט און געקושט און גייען ערשט מיט.

אָבער פֿאַרוואָס האָט מען ביי זיי צוגענומען די טענץ? פֿאַרוואָס זאָלן זיי נישט טאַנצן ביי איר אויף דער חתונה?..

אָט איז מען אַרויס פֿון שטעטל, אַ נאָענט און טייער שטעטל מיט דעם גרויסן מאַרק און פֿיר רייען קראָמען אינמיטן, מיט דער אַלטער פּשוטער גרויסער שול אַנטקעגן, און דעם זיידנס שטוב מיטן גאַניקל און ווייס־געפֿאַרבטע לאָדנס, אַזאַ ליב היימיש שטעטל, און ווער ווייסט, צי זי וועט עס נאָך אַמאָל זען...

ווייטער פֿון שטעטל צום באַן ציט זיך אַ שאָסיי מיט ווייס־געקאַלעכטע שטיינדלעך ביי די זייטן און ווי־נישט־ווי געלעגטע אויסגעקרימטע לאָזינקעס און ווילדע באַרן־ביימלעך, וועלכע זענען פֿון די שטאָטישע ציגן אַרומגעשיילט און מאַנכע פֿון דונערן אַדורכגעלעכערט... אָט גאָרנישט לאַנג איז זי דאָך אַ קינד געווען און איז מיט יינגלעך און מיידלעך־שטיפֿערקעס געקראָכן רייסן באַרעלעך, געזוכט פֿייגעלעך אין די נעסטן — —

אָט גאָרנישט לאַנג. און פֿאַרוואָס איז דאָס שוין אוועק?..

ביים באַן איז נאָך אויסגעקומען צו וואַרטן, און עס מאַ־טערט עפּעס און מ'ווייסט נישט וואָס עס מאַטערט. צי דאָס, וואָס עס איז אַזוי ווייניק צייט געבליבן — אָדער מ'וואָלט

וועלן, אַז דאָס זאָל שוין אויך אַוועק, פאַרשווינדן, יעדער וויל עפּעס זאָגן און ווייסט נישט וואָס. און אַז ער האָט וואָס עס איז געזאָגט, ווייסט ער גלייך, אַז ער האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט — נישט דאָס האָט ער געוואָלט און געדאַרפט זאָגן...

די קינדער, די קלענערע ברידער און שוועסטער, מיט פולע אויגן טרערן, ציען זיך צו איר. טוליען זיך אַרום איר.

דאָס איז דאָך זייער שוועסטער, זייער עלטערע שוועסטער. און פאַרוואָס דאַרפן קינדער ביי זייער שוועסטער אויף דער חתונה נישט זיין?...

עמעצער, וואָס איז שוין אַמאָל מיטן ים געפאָרן, האָט אָנגעהויבן צו דערציילן אַ לאַנגווייליקן עפּיזאָד פון דער רייזע. דער טאַטע, וואָס איז אָן אַ זייט געשטאַנען, איז נאָענטער צוגעגאַנגען די מעשה אויסצוהערן.

דער ים איז אים ערשט נאָענט, זיין ים, זיין אייגענער ים, נאָך אין אַפּאָר טעג וועט ער אים דאָס בעסטע קינד אָנטרויען.

אַלע האָבן זיך אַרומגעשטעלט די מעשה אויסצוהערן, און זייערע בליקן האָבן זיי אַהינגעשיקט צום וואַלד — דאָרט ווו די זון האָט זיך ערשט געזעצט און צווישן די ביימער פאַרשווונדן...

און באַלד האָט זיך פון גאָר ווייט אָנגעהויבן ווייזן אַ רויכל, אַ לייכט בלוילעך רויכל, ווי דער געדאַנק פון אַ קינד, האָט זיך איבער די שפּיצן פון די בוימער געשלענגלט און אונטער די פאַרנאַכטיקע הימלען געבלייכט...

וואַרשע 1911

אַ טיר קעגן אַ טיר.

רעכטס האָט ער אַ קליין צימערל — אַ בעט, אַ טיש, אַ שטול, אַ קאָך־מאַשינקע, אַ וואַש־שיסל מיט אַ קרוג, און אויפן פענצטער אָנגעוואָרפן אַסך ביכער.

לינקס — וווינט זי מיט דער מאַמען. צוויי בעטן פאַרבעט מיט וואַטאָווע קאָלדרעס צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשידנפאַרביקע לעקעכער, שניידערשע רעשטלעך, — אַ ירושה פון טאַטנס אַר־בעט, — אַ טיש, צוויי שטולן, אַ ווינקל־פּאָליצקע, אַ פאַרגרינ־טער סאַמאָוואַר, אַ ניקלענע צוקערניצע פון דער מאַמעס דרשה־געשאַנק, אַ הענג־לאָמפּ, אויפן פענצטער אַ גאַרדין, דריי בלומען אויף דער גאַרדין, — אין מיטן אַ בלויע און אין די זייטן צוויי ראָזע, — אַ גרויסע בלום, אַ געמישט־פאַרביקע, אונטערן לאָמפּ, אויפן וואַנט אַ שפּיגל, אונטערן שפּיגל אַן אַלטע ניי־מאַשין, אויף וועלכער דער טאַטע פלעגט אַרבעטן, אַ קיך, קיך־כּלים און אַ קיך־בענקל.

אַז עס עפנט זיך אויף ביי אים די טיר און עס קומט ווער אַריין, זעט זיך פון פאָדערהויז: דאָס טישל, די שטול אויף וועלכער ער זיצט, דאָס פענצטער מיט דער פאַררויכערטער מאַשינקע, אַסך ביכער און אַ האַלב נישט פאַרדעקט ברודיק בעט.

דער וואָס קומט אַריין זעצט זיך אויפן בעט.
אז עס עפנט זיך ביי איר די טיר זעט מען:
אַ בעט, די ווינקל-פּאָליצקע, דער סאַמאָוואַר מיט דער ניקלענער צוקערניצע, אַ שטיקל פּענצטער מיט אַ האַלבער גאַרדין, אַ ראָזע בלוס, אַ האַלבער לאָמפּ מיט אַ ווייסן אַבאַזשור, אַ ווינקל-שפּיץ פון דער פּליטע, אַ הענטל פון אַ פּאַן, דאָס קין-בענקל, אַ האַלבער טיש, אַ גאַנצע שטול, אַ ווענטל פון שנוּל, אויף וועלכן זי זיצט ביי דער מאַשין, אַן איינגעבויגענע פּלייצע און אַ טייל פון דער פריזור...
די מאַמע איז אַ גאַנצן טאָג נישטאָ אין שטוב.
עפענען זיך מיטאַמאָל ביידע טירן, באַגערקן זיי איינער דעם אַנדערן.
קוקן זיי זיך איבער.
און אַז עס פאַרמאַכט זיך באַלד, בלאָנדזשען נאָך אַרום אַ לאַנגע צייט זייערע בליקן אויף יענער זייט... איבערן טיר דער פאָרהויז, און נאָך אַ טיר...
בענקט זיך אַהין. פאַרווילט זיך אַריבערגיין איינער צום צווייטן — נאָר דערצו קומט דאָס נישט.
טרעפן זיי זיך ווען אויף די טרעפּ, קוקט מען זיך איבער, רייטלט מען זיך, ווילט זיך עפּעס זאָגן — נאָר מען קומט נישט צום וואָרט.

*

אים איז איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק:
ער האָט אייניקע העמדער צו פאַרריכטן — נו, וועט ער אַריינגיין.
האָט ער זיי צונויפגענומען, איינגעוויקלט אין אַ צייטונג און איז אַריין.
זי האָט אויף אים אַ בלאָנדזשענדיקן בליק געוואָרפן, זיך אויפגעהויבן, אָפּגעווישט אַ בענקל, דערלאַנגט, זיך צוריקגעזעצט און איז רויט געוואָרן.
ער האָט זיך געזעצט און פאַרגעסן זאָגן אַ גוטמאָרגן.
זי האָט זיך געוואָלט נעמען צו עפּעס אַן אַרבעט, און

האָט זיך באַלד פאַרגעסן. איז געבליבן זיצן און נישט געהאַט די הענט, װוּ אַהינצוטון.

ער האָט דאָס פּעקל געדרייט אין האַנט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, װי ער װאָלט פון דער ערד װערטער געשעפּט:

— הם, זיך געקליבן אַריינצוגיין... געװאָלט אייך בעטן... גוטע העמדער געװוען... עס האָט זיך נישט געמאַכט... געװאָלט זיך באַקענען...

זי האָט זיך פאַרקלערט און געװאַרט. אין אַ װײַלע אַרום:

— די מאַמע איז אַמאָל אַ שיינע געװוען. מען פלעגט איר דעם װעג פאַרלויפן, — אַזוי דערציילט זי, — היינט טרעט מען איר אָפּ דעם װעג... אין די האַלעס שטייט זי מיט ריגער הערינג...

ביידע שװייגן.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף אירע קליינע פיסלעך און באַטראַכט אירע שיך.

זי האָט פון אים צוגענומען דאָס פּעקל. אַ רגע האָט זי זיך פאַרקוקט אויף דער צייטונג. דערנאָך האָט זי דאָס פונאַנדערגעבונדן.

ער האָט געקוקט, װי זי בינדט פונאַנדער, באַטראַכט די העמדער און אין זיך געטראַכט:

אינגאַנצן מיט איין יאָר צוריק זענען זיי נײַ געװעזן. צו האַלבע רובל באַצאָלט.

*

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן אַריינקומען אָפטער. די מאַמע איז נישט דאַקעגן.

באַגריסט, פרעגט װאָס מען מאַכט,—שטענדיק דאָס זעלבע.

אַז ער איז געװאָרן היימישער, העלפט ער איר מאַכן אַ „ציװוקע” צו דער מאַשין, באַטראַכט דאָס סערװועטל אויפן קליינעם טישל — איר אַרבעט — געפעלט עס אים.

עפּנט זי אויף דעם קופערט און ווייזט אים איר אויס־שטייער — די „סטאַווקעס" אין די העמדער.

ווייל ער איר עפּעס דערציילן פון זיך — קומט גראָד נישט אויפן צונג.

זי ברענגט אַרויף כיבוד־אורחים.

עסן זיי ביידע און לאָזן איבער פאַר דער מאַמען.

איינמאָל האָט זי אים מכבד געווען מיט וויינשל.

ער האָט אַפּאָר גענומען אין האַנט, לאַנג באַטראַכט און זיך פאַרטראַכט.

— איך האָב געהאַט אַ קליין שוועסטערל, זענען ביי איר פּונקט אַזוינע בעקעלעך געווען.

— נו?

— איז זי געשטאָרבן.

— וואָס הייסט?

— קרופּ האָט זי געקריגן און איז דערשטיקט געוואָרן.

*

אַז די מאַמע איז אינדערהיים, שמועסט זי מיט אים. פרעגט זי אים אויס פון וואַנען ער איז, וואָס ער טוט און ווי עס גייט אים אין די לעקציעס. עס געפעלט איר, זאָגט זי, ווי ער רעדט — שטיל, אָנשטענדיק און שעמעוודיק.

און אַז ער גייט אַוועק, קלערט זי מיט זיך: — ווען ער זאָל וועלן וואָלט זי גענומען אַ שטוב מיט אַ גרויסע קיך. אין קיך אַריינגעשטעלט אַן אייזערן בעטל פאַר זיך. ביז ער וועט זיך צושלאָגן, וועט ער געבן צושטייער אויף דער הוצאה וויפל ער וועט קענען. גאָט וועט נישט פאַרלאָזן. עס דאַכט זיך איר, אַז די לעצטע צייט לייזט זיך בעסער — אַלע שפּאָרן זיך צו אירע הערינג. דאָס איז שוין אין זיין מזל.

דאָס מיידל מיינט, אַז זיי וועלן נעמען אַליין אַ וווינונג — אַ שטוב מיט אַ קיך, אַ גרויסע קיך. זי וועט נעמען אַפּאָר מיידלעך און וועט אַרבעטן אין קיך, עס זאָל זיין שטיל אין שטוב, מען זאָל אים נישט שטערן, ביז ער וועט ענדיקן.

זי וועט זאָרגן, ער זאָל אַלץ האָבן גרייט. ער זאָל נישט דאַרפן אַליין לויפן אין געוועלבל. עס קרענקט איר שטענדיק, אַז אַ מאַנסביל גייט אַליין אין געוועלב.

ביי איר אין שטוב וועט זיין זויבער. אויפן טיש האָט זי אַ לויפער. די ווענט וועט זי אויסקלאַפּן מיט אָנזיכטס־קאַרטן. פאַר די ביכער וועט זי מאַכן אַ פּאָליצקע, זיי זאָלן זיך נישט אַרומוואַל־גערן... ביי איר וועט שיינען אין יעדער ווינקעלע. ער איז דאָך אַזאַ גוטער, אַ שטילער און אַ שעמעוודיקער. גאַנצע נעכט וועט זי זיין שטיל, איינהאַלטן דעם אָטעם, ער זאָל קענען רויק אַרבעטן און איבערקומען די עקזאַמענס.

און ער, קומענדיק צו זיך אין צימער, קלערט אַזוי:

— ווען זי זאָל וועלן, קויפט ער נאָך אַ בעטל, — אָט דאָ אין ווינקל קען שטיין נאָך איינס,— ער וועט אויפזוכן נאָך אַפּאָר לעקציעס — אויס מאַשין, אויס אַרבעט. זי וועט זיך ביי אים אויס־רוען, ווערן פרייליכער, און אין אָוונט, אַז ער וועט ווערן פאַרטיק, וועט ער זיך אַוועקזעצן לעבן איר, עפּעס איר פאַרלייענען, דער־ציילן אַ שיינע מעשה — און זי וועט זיך איינהערן, באַנעמען, קוקן אויף אים מיט אירע קינדערשע פאַרחלומטע אויגן.

און דער אַלטער גרינער סאַמאָוואַר מיט דער ניקלענער צו־קערניצע, וועלכע דינגען שוין עטלעכע דורות אַלס דרשה־געשאַנק, בענקען שוין אויך צו אַ ניי אויפגעפרישט צימער, איבער די בעטן פון אַ יונג פּאָר־פאָלק.

און ווען קיינער איז נישטאָ אין שטוב, שמועסן זיי זיך אַדורך מיט דער אַלטער, ווי זיי וואָלטן איר געפרעגט:

— נו, וואָס? כלו כל הקיצין? דאַרף מען אונז שוין פאַר־קויפן אויף שמעלץ?..

אויבן, אויף דעם צווייטן שטאָק איז ר׳ זלמן פּאָזשעס רעסטאָראַן, ווו עס עסן עטלעכע צענטליק יונגעלייט. דער מי-טאָג איז פון פיר געריכטסן און קאָסט צוויי-און-צוואַנציק קאָפּי-קעס. ווען די בעקערס שטרייקן קאָסט עס נאָך אַ קאָפּיקע...

דאָס ווייב איז פאַרשפּאַנט מיט אַ גרויסן ברודיקן פאַר-טעך, וואָס האָט שוין לאַנג אָנגעוווירן זיין ערשטן קאָליר — ברענט זיך לעבן פּליטע און טיילט די חלקים.

ער גיט אַכטונג אין שטוב און נעמט אָפּ דאָס געלט — —

אַז דו הויבסט אָן זיך אויפהויבן אויף די טרעפּ — טרעפּ-סטו שוין צוריקגייענדיקע יונגעלייט מיט שפּילקעלעך אין מויל.

העכער פילט מען שוין אַ קיך-ריח. עס הערט זיך דאָס סיקען פון אַ פּאַטעלנע, דערנאָך אַ הילכיק גיסן פון וואַסער-קראַן אין אַ קופּערנעם גרויסן ליידיקן טאָפּ, ווי דער טאָפּ וואָלט דאָס נישט וועלן ליידן און בייזערט זיך: וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר?... נאָר ביסלעכווייז, וואָס מער ער פילט זיך אָן, בארויקט ער זיך, ווערט געלאַסענער... ביז ער שטילט איין...

*

לעבן טיר, ביי אַ קליין טישל, זיצט ר׳ זלמן (שבת-זיצט די טאָכטער, וועלכע אַרבעט ביי היט), נעמט אָפּ דאָס

גנעלט, זאָגט אַ דאַנק און אַדיע... באַגעגנט יעדן אַריינקומענדיקן מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— ברוכים הבאים, הייסט עס. אַלע זענען אָנגעלייגטע געסט — אַבי נישט אויף בארג... אַז דו ווילסט, קאָנסטו זיך וואַשן, אַט הענגט אַ האַנטעך, די הענט אָפּצוווישן, און אַז דו ווילסט קאָנסטו עסן אומגעוואַשן... איך בין נישט גאָטס קאָזאַק...

אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ קליין זיידן קאַפּל, פאַר גאָט איז מען יוצא... און פאַר מענטשן הייסט דאָס כמעט, ווי אָן אַ היטל...

אַז ער בלייבט אָן אַרבעט, פאַרקלערט ער זיך, באַטראַכט דעם עולם עסערס, דאַכט זיך אים, די הענט אַליין עסן — אַפילו אין דער פינצטער וואָלטן זיי געטראָפן. — אַן אַנדערער פאַרגאַפּיעט זיך, אַז עס זעט אויס, דאָס ער וועט בשום אופן נישט טרעפן צום מויל. פאַרווילט זיך אים לאַכן: פאַרהלומטע חברה...

זאָגט איינער: געהאַקטע לעבערלעך, פאַרווילט זיך דעם צווייטן דווקא געפּרעגלטע, פּונקט ווי זיי וואָלטן צווישן זיך שפּילן אין צו-להכעיס.

הייסט איינער געבן קרופּניק, שרייען אַלע: קרופּניק! ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמענגערעדט. גיט מען וועמען נישט נאָך דעם שגעון, ווערט ער ברוגז און סטראַשעט אַוועקגיין אינמיטן, טוט אים דאָך וויי דאָס הארץ, וויל ער זיי איינרעדן. הייבט ער אָן שמייכלען, מאַכט אַ נאַריש פּנים:

— ווייס איך וואָס פון וואָס איר מאַכט דאָ אַ טענה?...

שיסט דער עולם אויס אַ געלעכטער. שפּרינגט אַרויס דער לובלינער בחור און מאַכט:

— וואָס הערט זיך, ר' זלמן? אָפּגעזאָגט אַלע מעמדות? שוין צייט דאַוונען מנחה...

ווערט ער רויט, אָנגעצונדן פון בושה... און עס וואָלט זיך אים וועלן אָפּרעכענען, באַצאָלן דעם שייגעץ, ווי אים קומט. ער וואָלט שוין וויסן וואָס צו זאָגן, נאָר ער האַלט זיך

איין, עס וועט זיך באַלד אויפהייבן אַ מהומה אין שטוב, און „זיי״ וועט זאָגן, אַז ער פאַרטרייבט איר די געסט...

פאַרקלעמט אים דאָס האַרץ: צו וואָס ער איז געקומען!.. און עס קומט אים פאַר די אויגן די אַלטע שטאָט ראָזשינוי, די גאַס, די שטוב, דער געמויערטער בית-המדרש, זיין שטאָט אין מזרח, דאָס דאַווענען אין דער צייט, דער חק-לישראל יעדן טאָג, דעם כבוד, דעם נאָמען, וואָס ער האָט געהאַט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז ער וויל, איז דער חשבון אַנדערש:

דערמאַנט ער זיך די לעצטע עטלעכע ביטערע יאָרן אינ-דערהיים: קיין פרנסה איז נישטאָ, די עלטערע קינדער זענען זיך צעפאָרן, אין שטיבעלע איז קאַלט און טונקל, און לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן פלעגט מען אָפּזיצן אַליין, זיצן און שווייגן.

טוט אים הנאה, גאָט פאַרלאָזט נישט, אַ מענטש ווערט נישט פאַרפאַלן. אין פריידן דערציילט מען עס ערשט...

וואָס אים קאָסט אָפּ אַ יאָר דירה-געלט, קען מען דאָרט קויפן אַ גאַנצן מויער. און וואָס ער צאָלט אָפּ דעם קצב פאַר אַ וואָך פלייש, קאָסט עס נישט די ראָזשינויער גבירים אין אַ יאָר...

הויבט ער אָן אַרומשפּאַצירן איבערן שטוב מתוך הרחבה, די הענט אויף הינטן, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ווערן זיי אים אַלע, אָט די-אָ, נאָענט — ער וואָלט מיט זיי זיך אַביסל דורכגעשמועסט. — אַ שאָד נאַר, וואָס זיי איילן זיך צוריק אין די געשעפטן...

*

נאָך דער היים (די היים הייסט ביי אים ראָזשינוי)—בענקט זיך אים אָפּט, ער וואָלט וועלן זען, ווי דאָרט זעט אויס, ווי עס לעבט זיך דאָרטן. ער איז זיכער, אַז אַלע רעדן פון אים, זענען אים מקנא.

און אויב ער קען זיך נישט אָפּרייסן צופאָרן קיין ראָ-זשינוי, וואָלט ער וועלן עס זאָל ווער קומען פון דאָרט קיין וואַרשע. זאָלן זיי זען, ווי מ׳לעבט ביי לייטן.

— זלמן פּאָזשעס איז נאָך נישט געשטאָרבן.

„עלי דער דיליזשאַנס”, וואָס קומט יעדן צווייטן דינסטיק קיין וואַרשע, ווייסט שוין, אַז ביי זלמנען וועט ער האָבן אַן אומזיסטע סטאַנציע און עסן פון דאָם בעסטע.

און יעדעס מאָל באַטראַכט ער פון דאָס ניי די וווינונג, דאָס מעבל, פרעגט זיך נאָך אויף דער צאָל עסער, און פאַרן אַוועקגיין נעמט ער זיך צו דער קעשענע, ווי ער מיינט צו באַצאָלן.

פאַרדריסט עס זלמנען, באַליידיקט ער זיך:

— נישקשה, איך וועל נאָך באַקאָרמענען האַלב ראָזשינוי...

*

דער עולם האַלט זיך היימיש און איז שטאַרק משפּחה-דיק מיט מאַנקען דער קעלנערין. (אַ בלאָנד מיידל שוין אין די יאָרן, ר' זלמנס אַ קרובה פון ליטע. אַרבעט שוין אַפּאָר יאָר אין רעסטאָראַן. קלויבט געלט אין שפּאָר-קאַסע, און ר' זלמן זוכט פאַר איר אַ שידוך, ווי פאַר אַן אייגן קינד...)

אַ פּאַצעט מיט שוואַרצע, קליינע וואָנצעלעך, ביים טישל אין ווינקל, פרעגט איר מבינות אויף דעם נייעם קראַוואַט, און שמועסט מיט איר כמעט אויפן אויער...

פאַרדריסט דאָס מן הסתם דעם קאַשטענאָוואַטן בחור מיטן געל-שפּיציקן בערדל. בלאָזט ער זיך, קיין זאַך געפעלט אים נישט, און קרימט זיך ביים עסן.

באַמערקט דאָס דער הויכער בלאַסער בחור מיט דעם גלאַטן קעלבערנעם פּנים און פּענסנע אויף דער נאָז, שמייכלט ער, גראָבט ער אַריין דעם קאָפּ אין צייטונג, זופּט פון טעלער, ווי נישט אים מיינט מען...

— שלאָגט זיך אַלע קאָפּ אָן וואַנט... האַלט איך נישט אויס דעם עקזאַמען, פאָר איך אַוועק קיין אויסלאַנד...

אַ יונגערמאַן מיט סימנים פון אַ חתימת-זקן, אַן אויסזען פון אַ בן-תורה, וואַשט זיך צום עסן, און זוכט אַ מזומן צום

בענטשן — האָט זיך צוגערוקט מיטן שטול צו ר׳ זלמנען, שמועסט מיט אים, ווי אַלטע באַקאַנטע, דערציילט אים, אַז יעצט איז ער אָן אַ שטעל, דאָס ווייב האָט ער אָוועקגעשיקט צו אירע על־טערן קיין פלאָנסק און ער זוכט דערוויייל. אויב ער וועט נישט קריגן ביז יום־טוב, רעכנט ער באַלד נאָך יום־טוב אַוועק־פאָרן קיין אַמעריקע. דורך ליבאַווע רעכנט ער פאָרן.

ר׳ זלמן באַדויערט:

— שווערע יאָרן... מען זאָגט טאַקע, אַז דורך ליבאַווע איז גענטער...

און דאָס קליינע ליטוואַקל (אַ בלייך יינגל מיט אַ פּאָר־געלטן קאַפּעליוש — דער טאַטע האָט אים דאָ אָנגעדונגען קעסט מיט נעכטיקן: אויפשטעלן אַ בעטל אין קאָרידאָר. — קאָן זיך נישט אָנזעטיקן מיט די וויסטאַוקעס, גלויבט זיך אַליין נישט, אַז ער, דודל חנקעס, איז אויף אַן אמת אין וואַרשע) באַטראַכט דעם קאָמפּאָט, דרייט אים פון אַלע זייטן, ווי ער וואָלט פרעגן:

— וואָס איז היינט, יום טוב?...



אַז דער עולם ווערט קלענער, בלייבט זלמנען נישט וואָס צו טון, הויבט ער אָן אַרומשפּאַצירן איבערן שטוב, באַטראַכט די בילדער, וואָס אויף די ווענט: ר׳ יצחק אלחנן, דער מלבים, דער ווילנער גאון, משה מאָנטיפיאָרע — (דאָס האָט ער מיטגעבראַכט פון דער היים, — די טאָכטער האָט דאָ איינגע־קויפט בילדער, געפעלן זיי אים נישט).

זינגט ער אויס אַ שטיל ווייך ניגונדל, האַלב דרייסט, האַלב שעמעוודיק — אַן אָנצוהערעניש, אַז ער וויל עסן.

פאַרשטייט זי דעם מיין, נאָר זי מאַכט זיך נישט וויסנדיק:

— נישקשה, ער קען נאָך צוואַרטן.

מאַנקע זעצט זיך צו ביים קליינעם טישל פונקט אַנטקייגן דאַווידאָוויטשן, אַן אַלטער בחור מיט טיפע פּאָקן־צייכנס אויפן פנים, דרימלט איין, שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט אויף אַלעם איינגעשטימט:

— אַז דו ווילסט, קאָן זיין אַזוי... מיר איז אַלץ איינס...
גנבעט זיך צו דאַווידאָוויטש און גיט איר אַ שנעל אין
נאָז אַריין.

כאַפּט זי זיך אויף, ווי דערשראָקן, מאַכט אַן ערנסטע מי-
נע: — לאָזט צורו!... שמייכלט און קלערט ביי זיך: ווען דו
זאָלסט מיינען מיט אַן אמת... נעם איך אַרויס פון קאַסע די
צוויי הונדערט רובל און מיר מאַכן אַ געשעפט פון קוישן... —
און שלאָפט ווידער איין...

זעט ר' זלמן, אַז דאָס זינגען העלפט נישט, זאָגן וויל ער
נישט: נישט — איז נישט, איך קאָן צוואַרטן...

גייט ער צו צו דאַווידאָוויטשן, לייגט אים אַוועק די האַנט
אויף דער פּלייצע.

— וואָס הערט זיך, פּאַניע דראָגי? — קומען אַסך סוחרים
פון רוסלאַנד? לייזט מען עפּעס פאַר קוישן?...

געפעלט „איר" זיין אויפפיר, מאַכט זי פאַר אים אַ גוטן
חלק פלייש און גיט אים אַליין אַריין...

קריגט ער אויף איר רחמנות:

— נעבעך, ווי פאַרברענט זי איז.

פילט ער זיך דרייסט און זאָגט:

— שרהלע, זעץ זיך שוין צו אויף אַ מינוט, כ'לעבן, מעגסט
זיך פאַרגינען אַביסל אָפּרוען — — —

טוט איר הנאה:

אַ ייד אַ בן-תורה, זי — אַ פּראָסטע יידענע, און ער איז
איר אַזוי געטריי. הייבט זי אָן רויטלען, נעמט אַריין אַפּאָר
ביינער אין אַ טעלערל און זעצט זיך צו ביים עק טיש: אַז דו
ווילסט, קאָנסטו מיינען, אַז זי זיצט טאַקע ביים טיש און עסט
מיטאָג... און אַז דו ווילסט, קאָנסטו מיינען, אַז אַליין איז זי
גאָר אין קיך, נאָר דורכלויפנדיק האָט זי זיך צוגעזעצט, גלאַט
אַ ביינדל אויסצונאָגן.

שפּאַרט זי אונטער מיט איין האַנט די גאָמבע, אין דער
צווייטער האַלט זי דאָס ביינדל און הייבט אָן איינדרימלען...

מאַכט צו איר ר' זלמן:

— שרהלע, וועסט נאָך אַראָפּפאַלן פון סדר — לייג זיך צו אַביסל...

זאָגט זי:

— יאָ, זיך צולייגן, אַז איך האָב נאָך אַזוי פיל אַרבעט...

קריגט ער רחמנות:

— נעבעך, אויף די עלטערע יאָרן און האָרעוועט אַזוי שווער...

שמייכלט זי:

— ברוך השם! אַ ייד אַ למדן... אַ צירונג אין שטוב.

*

נאָכן עסן און נאָכן בענטשן נעמט ער אַ קליין קישעלע און לייגט זיך צו אויף דער קאַנאַפּע אָפּרוען, רוקט אַראָפּ דאָס קאַפּל איבער די אויגן און הייבט אָן איינדרימלען.

מאַנקע זיצט נאָך אַלץ בײַם טישל, דרימלט, שאָקלט מיטן קאָפּ:

— מיר איז אַלץ איינס. ווען ער זאָל מיינען מיט אַן אמת, וואָלט איך פון קאַסע די צוויי הונדערט רובל אַרויסגע-נומען און מיר וואָלטן מאַכן אַ געשעפט פון קוישן.

בלייבט די שטוב נישט אויפגערוימט, די טישן שמוציק און די שטולן צעוואָרפן.

און ר׳ זלמן שמייכלט אין שלאָף:

— וואָס איך באַצאָל אַ וואָך פאַר פלייש, קאָסט דאָס נישט די ראָזשינויער גבירים אַ יאָר...

— — — — — — — — — — — —

וואַרשע 1907

ביינאַכט איז געפאַלן אַ שניי.

עס טאָגט. דער הימל איז נאָך גרוי. אין דער שטאַרער לופט שטרייטן צווישן זיך ווייס מיט שוואַרץ. פאַרן טאָג דער-שראָקענע שנייעלעך שיטן זיך אַראָפּ פון אַ דאַך, פון אַ פענצ-טער-געזימס.

עס עפנט זיך ווי אַ טיר, דערנאָך ווייזט זיך אַ קאָפּ און כאַפּט זיך באַלד צוריק, ווי די ווייסקייט וואָלט איר אַ ברי גע-טון. אַן אַנדערע פאַרהאַלט זיך אַ רגע, ווי זי וואָלט זיך באַ-דענקט און עס וואָלט איר אַ שאָד געווען צוצעטרעטן די ריי-נע ווייסקייט.

עס שטעלט ווער אַ פוס — לייכט, פון אויבן, ווי ער וואָלט נישט אָנגעטרויט. דער פרווו געלינגט, שטעלט ער נאָך איינע, און נאָך איינע, ווייטער שוין פעסטער, דרייסטער און אַוועק אין גאַס, אָפּשטעלנדיק נאָך זיך טיפע צייכנס אין דעם שניי.

אין גאַס האָט זיך געעפנט אַ בוך און אויפן ווייסן טאָוול איז שוין געשריבן געוואָרן.

*

אַ גרויסער פוס, אַ פעטערבורגער האַלב-טיפער קאַלאָש — אַ פראָסטער ייד, אַ קרעמער. זיין גאַנץ לעבן טראָגט ער נישט קיין אַנדערע. פאַרן לאָמפּ-ליכט האָט ער געלייגט טלית-און-

תפילין, אויף איין תּוך אויסגעזויפט דאָס גלאָז ציקאָריע, געמאַכט און געפונען די שליסלען, שטיל פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און די שלעפּערדיקע טריט מיט די דראָבנע פינטעלעך אין דעם שניי פירן אים גלייך צום געוועלב.

*

אַן אַלטער אָפּגעטראָגענער שוך מיט אַן אויסגעדרייטן אָפּצאַס. אויף דעם צווייטן פוס אַ קאַלאָש, וועלכער שאַרבעט זיך אין דעם שניי — אַ דינסטמיידל האָט זיך שפּעט געלייגט, אָנגעהויבן אויסטון און ביים צווייטן שוך איינגעשלאָפן. מיט טאָג האָט זי זיך אויפגעוועקט, שנעל צעפּירט אַ פייער, אויף דעם באָרוועסן פוס אַרויפגעכאַפּט אַ קאַלאָש און אַראָפּגעלאָפן אין געוועלב. און דער צו גרויסער קאַלאָש, וואָס שלעפּט זיך און ציט אַ פּאַס אין דעם שניי, און דער הויכער אויסגעדרייטער אָפּצאַס וואָלטן פאַר דער גאַס אויסגעזאָגט, דערציילט:

— אַ גאַנצע נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט... ערשט פינף פאַר־טאָג געכאַפּט אַ דרימל.

*

אַ פרישער קאַלאָש מיט קאָסע פּאַסן פון אַ ריגער פירמע — אַ יונגערמאַן, אַ פריקאַזטשיק אין שמאָלע הויזן און אַ הויבן קראַגן, האָט פאַרשפּעטיקט, שנעל זיך אָנגעטאָן, מיט דעם עסן אין מויל אַראָפּ פון די טרעפּ און לויפנדיק ערשט אין גאַס בינדט ער איבער און פאַרשלייפט דעם שניפּס.

אַ לאַנגער טראָט, גרויסע פּראָסטע שטיוול מיט נעגל אין די אָפּצאַסן — אַן אַרבעטער צו דער אַרבעט געגאַנגען. אויף אַ גאַנצן טאָג פונדערהיים אַוועק. דאָס מיטאָג מיט זיך גענומען. די טריט זעען אויס גרויס, פויל און אויסגעהאָרעוועט, און רופן אויס:

— אַ גאַנצן טאָג... אַ טאָג מיט אַ שטיק אין דער נאַכט.

*

קליינע דאַמען־פיס. האַלב־הויכע אָפּצאַסן — אַ מיידל איז אין שול געלאָפן.

גרויסע שטיוול, געדיכטע שווערע טריט און איינגעוואַקסן איינע אין די אַנדערע — אַ יידענע מיט אַ קאָשיק. האָט דעם מאַנס שטיוול אָנגעטאָן, ער איז געבליבן אין דער היים. זיי זענען איר צו גרויס, קוים זי שלעפּט זיי. ציענדיק לאַנגע פּאַסן, ווי זי וואָלט אין דעם שניי אַ שנור געפלאָכטן פון וועלכן איין עק איז אין דער היים געבליבן און דער צווייטער גייט איר נאָך פוס-טריט. ווי ער וואָלט מורא געהאַט איר צו פאַרלירן פון אויג — די איינציקע פּאָר שטיוול... די גאַנצע שטוב איז געבליבן באָרוועס.

*

אַ שטאַרקער גאַנג. גלייכע גאַנצע קאַלאָשן. אַ בייזער טראָט — די קאַווע צו פרישטיק איז געווען קאַלט, ער האָט זי צום מויל נישט גענומען, מיט כעס פון זיך אָפּגעשטופּט, געכאַפּט דעם פּעלץ, דאָס היטל, און האַסטיק פאַרקלאַפּט די טיר:

— איך בין בעל-הבית, איך צאָל געלט, וועמען פרעג איך?...

*

לייכטע טריט ביים זייט פון טראָטואַר — אַ יונגערמאַן אין לייכטע שיכלעך, אָן קאַלאָשן, אין אַ לייכטן פּאַלטאָ. די בעל-הביתטע האָט אים נעכטן געלאָזן וויסן, ער זאָל זיך נישט דערוועגן מער קומען נעכטיקן.

געקומען איז ער שפּעט, זי איז שוין געשלאָפן, אַ קינד האָט אים אויפגעעפנט, אויף די שפּיץ פינגער איז ער אַריין, זיך צוגעלייגט ערגעץ-ווו אין די זאַכן, ערשט אינדערפרי האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט, פרי... זי שלאָפט נאָך, פאָרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר, ווי אין זאָקן איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ, ווי אַ גנב איז ער אַדורך דעם טויער און אין גאַס גייט ער ביים זייט, וואַרפט אומרויקע בליקן אַרום זיך, טרעט גרינג אויף גאַטס ערד, און לאָזט נאָך זיך לייכטע שפּורן ביים זייט פון טראָטואַר.

*

סימנים פון שפּיץ פינגער — שטיל ווי אַ שאָטן איז ער־נאָך אַ קעשענע נאָכגעגאַנגען. מיט האַרצקלאַפּעניש האָט ער איינגעהאַלטן דעם אָטעם, באַלד וועט זיין מיט וואָס דעם הונ־גער צו שטילן, עס ציטערט אַ פיבער אין זיין בליק... ער האָט זיינס געקראָגן. האַסטיק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווי דער טראָ־טואַר וואָלט אים צו זיך צוגעשמידט, האָט אַ בליק געגעבן אין האַנט, זיך צוריקגעקערט און עס פירן שוין צוריק גאַנצע גלייכע און שנעלע טריט פון צעריסענע שיך.

*

פאַרשידענע טריט, קליינע גרויסע, קרומע, גלייכע, מיט און אָן קאַלאָשן, געלאַטעטע שטיוול, שיך מיט אויסגעדרייטע אָפּ־צאַסן, אונטערגעשלאָגענע זוילן, שמאָלע און ברייטע שפּיצן, נייע און אַלט-מאָדישע, גאַנצע און צעריסענע, ביי וועמען דער גראָבער פינגער אין דרויסן, אַ מאָזאָל פון אַ לעצטן פינגערל, אַ זאָק פון אַ צעריסענעם שוך שטעלט אָפּ דייטלעך אויגלעך אויפן שניי.

*

אַ לינקער שטיוול מיט אַ רובטשיק פון רעכטן זייט טראָט און אַ בלייעלע אונטערן אָפּצאַס. רעכטס שלעפּט זיך נאָך אַ קיילעכדיק פלעקל אונטערגעשמידט מיט אַן אייזערן רייפל, און שטעלט אָפּ טיפע, רונדע גריבעלעך אין דעם שניי, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— זינט איך לעב, מיינע אבות-אבותי האָבן נאָך נישט געדינט פאַר קיין פוס ביי אַ לעבעדיקן מענטשן.

דער אמתער פוס פאַרקלערט זיך, שטעלט זיך אָפּ יעדע ווײַלע, ווי ער וואָלט זיך פאַרבענקט נאָך יענער — ווער ווייסט, צי ער איז כאָטש געקומען צו קבר-ישראל...

*

אינמיטן גאַס פאָרט אַדורך אַ פור, לאָזט איבער אין דער לופט אַ לייכטן געזויש און אין גאַס צוויי לאַנגע גלייכע פאַסן און צווישן די פאַסן צוויי צייל̈ן פערד־טריט, וואָס הייבן זיך אָן ערגעץ־ווו אין אַ הויף, ציען זיך, ציען זיך, פאַרדרייען זיך און פאַרשווינדן.

נאָך אַ בלאַט אין דעם סודותפולן בוך האָט זיך ערשט דאָ אָנגעשריבן מיט פעסטן שריפט פון פערדס־פוס.

*

די גאַס האָט אויפגעלעבט, עס ווייזן זיך מער מענטשן, מער פורן, יעדער טראָט — זיין סוד, זיין לעבן, זיינע זכרונות, זיינע ליידן, זיינע האָפענונגען.

זיי הייבן זיך אָן אויסמישן איינער מיט דעם צווייטן, טרעטן איינער אויף דעם אַנדערן, דעקן צו און מעקן אויס די שריפטן — אַ וואָרט נישט צו פאַרשטיין.

איינציקווייז פאַרשווינדן זיי ערגעץ־ווו, צעפליען איבער דער גאַנצער וועלט...

און דער בוך איז פאַרמאַכט...

תּאַרעַ

אַ פּראָסט סיצן טיכל. אַ באָרדאָ טלאָ, פאַרשידנפאַרביקע טערקישע בלימלעך, אין קאַנט שלענגלט זיך אַ ברייטער שליאַק פון געל-ברוינע אַכט-קאַנטיקע קעסטעלעך, געשלאָסן איינע אין די אַנדערע און אַדורכגעפלאָכטן מיט אַ העל-גרינע סטענגע, וועלכע באַגעגנט זיך אין די ווינקלען מיט אַ צווייטע און צו-זאַמען אויסגעשלייפט אין אַ באַנד.

אַ קליין שערעלע, וואָס העבגט פון פּאָליצע אויף אַ שנירל, האָט איר אָפּגעשניטן, אָפּגעטיילט פון אַלע אירע שוועסטער און אַוועקגעשיקט אין דער ברייטער וועלט אַריין...

---

I

געקויפט האָט דאָס אַ ייד, אַ פּראָסטער ייד, אַ מלמד, אַ קרעמער, ווייס איך ווער. ערב-פּסח איז דאָס געווען; שוין אָנגעטאָן אין יום-טובדיקן.

פּונקט איז איר באַשערט געוועזן באַלד געניצט צו ווערן צו אַ דבר-מצווה. מען איז געגאַנגען מיט איר נאָך די מצה-שמורה.

שטייף זענען אַלע פיר עקן צוזאַמענגענומען און פון אי-נעווייניק ציילט זיך אַרויס-צירקל רונדע מצות — איינס, צוויי, דריי, זעקס...

געטראָגן האָט מען איר פּאָרויס, פּאָרזיכטיק, מיט דער לינקער האַנט אונטערגעהאַלטן, ווי עס וואָלט אויף איר אַ רחמנות געווען צו באַנוצן פאַר אַזאַ שווערע משא...

און די בלימלעך מיט די קעסטעלעך און די גרינע סטענ-געשושקען זיך צווישן זיך אַזוי לייכט, שטאָלץ און פריי, ווי זיי וואָלטן מיט ווירדע אויסגערופן:

— עולם! מאַכט אַ וואָרע! מיר טראָגן מצה-שמורה.

האָט דער עולם אָפּשיי און מאַכט אַ וואָרע, טרעט אָפּ אין אַ זייט, אַ נייג מיטן קאָפּ:

— דערלעבט אי״ה איבעראַיאָר!

דאָס איז געווען דער ערשטער וועג צום הייליקן.

פון דער מינוט איז אַלץ אַוועק צום גוטן, אַבי דעם ערשטן טריט געמאַכט, אַ מצווה שלעפּט צו אַ מצווה און ווייטער איז שוין גאָרנישט אַזוי שווער.

*

פאַרנאַכט האָט מען אין איר געטראָגן דעם ווייַן צו די אַרבע-כוסות.

דייטלעך האָט זיך אין איר אָנגעזעען אַ געשליפענער גראַפין מיט אַ גלעזערנעם שטאָפּער. אַלע ווייסן זיכער, אַז אי-נעווייניק איז ווייַן — רויטער צמוקים-ווייַן.

נאָר נישט יעדערער מעג אַריינקוקן.

עס גייט פאַרביי אַ באַקאַנטער גוי, אַ שכן פון גאַס, נאָך אין פעלץ און גרויסן שעפּסענעם היטל, קוקט זיך צו, שטויסט זיך און פרעגט:

— צאָ טאָ, ווינאָ נאַ קידעש? *)

זי שמייכלט צו אים מיט די טערקישע קווייטלעך, רייצט זיך מיט אים — איך באַשיק, לאָז נישט צו, ביי מיר וועסטו גאָרנישט זען.

---

*) וואָס איז עס, ווייַן אויף קידוש?

II

אויף דער נאַכט, אַ ווייס-געדעקטער טיש — געגרייט צום סדר. ווײַן מיט פוסות, כּרפּס, מרור, חרוסת און זרוע — אַ פאַר־ברענטביינדל, אַ זכר לקרבן פּסח, ריין-אָפּגעשייערטע מעשענע לייכטער מיט בענטש-ליכט אין זיי.

אָט איז מען געקומען פון שול.

— גוט יום-טוב, גוט יאָר. מועדים לשמחה און זיך גע־זעצט צום טיש.

יעדערער האַלט זיין כּוס אין האַנט און די געשליפענע גראַפינקע מיט די צמוקים-ווײַן שפּיגלט אָפּ אַלעס, וואָס אַרום טיש, צעקרימט די מעבל, די לייכטער, דעם לאָמפּ אין פאַרשי־דענע פאָזן. — האָרבאַטע, דין און לאַנג, כאָטש נעם און צי אַדורך דורך אַ נאָדל, אָדער בייכיק פוזאַטע, צעגאָסן, ווי אויף אַ פאַטעלניע.

מאַכט וועמען אַ לאַנגן האַלדז, אַ שמאָלע גאָמבע, אַ לאַנג מויל, ווי אַ שפּאַלט פון אַ טיר.

ביים צווייטן גייט עס פּלאַטשיק. אַ ברעקל פּלאַטשיק נעזל, קאָפּ, שטערן, נאָז צוזאַמענגעוואָקסן. נישטאָ קיין אויג אויף אַ רפואה... אַ ברייט מויל, איין־באַק ווי אָנגעשוואָלן, די צווייטע צוגעפאַלן, אַ לאַנגע נאָז, פאַרבייגטע און שמאָלע זיידענע ליפעלעך.

פאַרשידענע פאָזן, אוזאָרן און קאַריקאַטורן.

און צווישן אַלע שפּיגלט זיך אויף אָפּ דאָס טיכל. פלעכט, בינדט פונאַנדער און שלייפט צונויף די קווייטלעך. די קעסטע־לעך מיט די גרינע סטיינגעלעך.

אויבנאָן ליגט זי. מיט איר איז די מצה-שמורה איינ־געדעקט. מיט אָפּשיי קוקט מען אויף איר. אַ שנור פון הייל־קייט איז דורך איר אַדורכגעפלאָכטן.

און די קווייטלעך מיט די שלייפלעך שעפּטשען און דער־ציילן אַסך פון אַ טיפע אומעטיקע פאַרגאַנגענהייט, צרות, דריקונג, קנעכטשאַפט, קינדער אין טייך, קינדער איינגעמויערט אין וואַנט.

אויך פון שטאָלץ און מוט, גבורה, ראַכע און פרייהייט דערציילט זי.

אַלץ ווייסט זי. קיין זאַך איז פון איר נישט פאַרבאָרגן. און אין פריידן דערציילט מען, אַלץ האָט מען שוין אַרי־בערגעלעבט, אַדורך, פאַרטרונקען אין דער אייביקייט...

צו אַזאַ הויכקייט און קדושה האָט נאָך קיין טיכל נישט זוכה געווען. אפילו די סוכות־פּאַטשיילקע, וואָס איז געוועבט געוואָרן אין קדושה — לכּבוד יום־טוב, אויף וועלכער עס איז אויסגעשריבן דער גאַנצער קידוש, חבדלה, אַלע אושפּיזין, דער עץ־החיים און עץ־הדעת, די צוועלף שבטים מיט די מזלות, דער כּותל־המערבי און מוטער רחלס קבר, און פון איר האָט מען שוין געמאַכט קידוש אַסך ימים־טובים, און איז אין גאַנצן איינגע־פלעקט אין קידוש־וויין,—האָט נאָך צו אַזאַ קדושה נישט דערגרייכט.

*

נאָך יום־טוב ווערט זי אַן איינפאַך טיכל, אַ געוויינלעך טאַשנטיכל. נאָר אין דער איינפאַכקייט ליגט איר גאַנצע גרויסקייט.

און ערשט הייבט זיך אָן איר ריכטיק לעבן. איין טריט מאַכט מען נישט אָן איר. צו אַלץ ווערט זי געברויכט, און אומעטום פאַרנעמט זי דעם שענסטן און בכּבודיקסטן אָרט.

———

III

דער טאָג האָט געענדערט. עס איז מנחה־צייט. לאַנגזאַם און פויל קלייבט זיך צונויף דער מנין. יעדער איינער איז נאָך פאַרטיפט אין זיינע טאָג־דאגות, וואָס לאָזן אים נישט אָפּ, אַז ער ווייסט קוים, וואָס מען רעדט צו אים.

עמעצער האָט אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט. עס פאַרבינדט זיך אַ שמועס. קומט איינער און רייסט דאָס איבער — חייס איך חאָס?...

עס דערציילט ווער אַ מעשה, מעשה שהיה. באַלד קומט

אַ רכילות. מען הערט זיך גערן צו. מען כאַפּט זיך אָבער באַלד צוריק, זאָל דאָס אויער ניִשט קומען צו קיין דבר עבירה. מען פאַרבייסט די ליפּן און עס ווערט שטיל.

· די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. דער הימל האָט זיך באַצויגן מיט אַ פּורפּור און עפּעס אַ בענקשאַפט שטייגט פון ערגעץ און צעגיסט זיך איבער אַלץ. עס בלאָזט אַ קיל ווינטל, עס פאַרוועבט זיך אַ דרימל מיט אַ ברייטן גענעץ—עך זאָל שוין זיין נאָך מעריב, וועטשערע און אין בעט.

און אַז מען נעמט אַרויס פון טאַש דאָס טיכל, מען נעמט זי פאַר צוויי עקן קאָס, די איבעריקע וואַרפט מען אַריבער אַפאָר מאָל און מען גאַרטלט זיך מיט איר אַרום, ווערט אין דער מינוט אַלעס איבערגעביטן, ווי מיט אַ פרישער הויט איבערגעצויגן. אַ הייליקער שטראָם איז אַדורך איבערן שטוב. פון דעם שלעפּעריקן עולם איז געוואָרן אַ מנין יידן. פון דעם שטיבל — אַ מקום-קדוש, און פון דער באָרדאָ-טיכל מיט די קווייטלעך — אַן אַבנט.

אַלע פּנימער זענען ערנסט און טיף. נישטאָ קיין דברים בטלים, אַוועק די דאגות, אויס קרעכצן, גאָטס קינדער איז מען. און מען הייבט זיך אויף פון דער חומרדיקער וועלט צו אַ הויכע ווייטע וועלט — אַ וועלט פון חסד און רחמים, אַ וועלט פון שירות ותשבחות, ווו מלאכים זינגען און לויבן יעדן טאָג.

און די קליינע טערקישע בלימלעך, די קעסטעלעך אַדורכגעפלאָכטן מיט דער גרינער סטעזשגע וואָלטן מיטגעזונגען:

— שיין און הייליק איז גאָטס וועלט! גרויס און שטאַרק איז זיין וואָרט. אויף אַלעס איז אַ קדושה אויסגעגאָסן און אַלעס ווערט געשפּייזט פון זיין ליכט...

— געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען.

---

# IV

און אַז מען נעמט זי אָן אין דער מיט, אַריינגעגנומען אין פויסט און געמאַכט אַ דאָלינקע. און די ברעגעס, וואָס הענגען אַרום אין די זייטן מיט די געפלאָכטענע קעסטלעך און סטענגעס, וואָלטן גערעדט מיט אַ מענטשן-שפּראַך, רחמנות-בעטנדיק און האַרציק:

— יידן בני-רחמנים, אַ בת-ישראל דאַרף חתונה האָבן, אַ בוגרת, הגיעה לפרקה, עלנט ווי אַ שטיין.

אַ יולדת, אַ מקשה-ללדת, דער מאַן איז אַוועק למדינת-הים, מען דאַרף שיקן נאָך אַ דאָקטאָר...

אַ יתום, אַ נאָמען נאָך דער מאַמען. דער טאַטע איז ביי די זעלנער, מען דאַרף האָבן אַן אַם.

יידישע קינדער באַגערן גאָטס תורה, זענען הונגעריק און האָבן ביטול-תורה.

תלמידי-חכמים קומען אָפּ זייערע שבתים מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט. פאַרשטערטע שבתים. אַ הילול-השם.

דאָס לעבן איז קורץ, ווער ווייסט ווערמענס מאָרגן עס איז. ציטערן זאָלט איר פאַרן יום-הדין.

און אַ שווערער וואָלקן פאַרציט זיך איבערן גאַס. אין דער מינוט פילן זיך אַלע נאָענט, איינס. דער אומעט און נויט האָט זיי צוזאַמענגעבונדן.

יעדער איז אַ בעל-חוב דער בוגרת, אַ ברודער דער יולדת, אַ טאַטע דעם יתום, מען איילט באַצאָלן דעם חוב. מען טאָר נישט אָפּלייגן, ווער ווייסט ווערמענס מאָרגן עס איז.

קיין פרייז איז נישטאָ, יעדער וויפל ער קען, מיט אַ רחמנות-פנים גייט ער צו, לייגט עפּעס אַריין אין טיכל, ווי ער וואָלט זיך בעטן:

— נאַ, נעם, איך קען נישט מער, דאָס איז דאָס לעצטע.

ער גייט אָפּ. רויקער ווערט אויפן האַרצן, דער חוב איז באַצאָלט.

און אין טיכל מישן זיך אויס אַלע טראָפּנס, אין שווייס און בלוט, בלוט פון ברידער. טראָגט עס אַוועק, וווּהין מען דאַרף. נו דערקען. טראָפּנווייז האָב איך געזאַמלט, געקליבן, עס איז אָבער איינס געוואָרן. דאָ האָסטו אַ גערוס פון אַלע דיינע באַקאַנטע.

צוריק איז דאָס טיכל אַן איינפּאַך ברודיק טיכל מיט טער־קישע קווייטלעך. צוריק אַוועק צו דער וואָכעדיקער אַרבעט, פּונקט ווי גאָרנישט געווען.

---

V

צוויי פרעמדע. ווילד־פרעמדע קינדער.

אַ יונג ריין אומשולדיק מיידל. אַ שעמעוודיק נאַאיוו יינגל.

ביידע האַלטן דאָס טיכל. צום ערשטן מאָל באַגעגענען זיך קלאָרע אומשולדיקע אויגן — די שפּיגלען פון האַרצן.

באַגעגנט, אַ גלאַנץ געטאָן מיט פייער פון בענקשאַפט און דרייען אָפּ אָן אַ זייט.

און אַ גערוס פון צוויי ריינע אומשולדיקע הערצער פליט איינער צום צווייטן:

— איך בין דיין חבר און שוועסטער, דיין פריינד און וועג־באַגלייטערין, דיין שאָטן, דיין חלום. אַלץ איז פאַר דיר. זיי דער שטאַרקער, דער געוועלטיקער.

עס שניידן זיך אויס ביי מיר פליגל. דו שוואַכע טויב, מיט מיינע שטאַרקע פליגל באַשיץ איך דיר. אַלץ איז פאַר דיר — דאָס האַרץ, די איבערגעבנהייט, די מי, דער שווייס, דאָס גאַנצע לעבן.

מיר זענען געפונדן.

צוריק איז דאָס טיכל אַריין ערגעץ אין אַ קעשענע.

צוריק איז דאָס שעמעוודיקע מיידל אַוועק ערגעץ צו די ווייבער. נאָר די פונקען, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן, שלאָגן

שטראַלן. זיי שטערט נישט קיין ווענט. ווייסן נישט פון קיין שטח, האַלטן נישט פון קיין לייט. רויבן אַוועק דעם שלאָף.
עס נאָגט דאָס האַרץ אַ בענקען. עס טראָגט אָפּ אַ קרעכץ. עס באַוועגט זיך באַלד אַ שמייכל. קיינער ווייסט נישט, קיינער הערט נישט, נאָר די נאַסע קישנס זאַפּן איין און פאַרבאָרגן אין זיך, דערציילן נישט אַ וואָרט.
ווייטע און נאָענטע...

---

## VI

פרעמדע, ווילד-פרעמדע יידן שליסן אַ שותפות.
ביי יעדן איז טייער זיין גראָשן. יעדער האָט אַ ווייב און קינד. יעדערער וויל אַ ברויט אין שטוב, אַ קלייד פאַר דעם ווייב, אַ שוך פאַרן קינד; און מען ווערט אַ טיגער.
ביידע האַלטן דאָס טיכל. און עס ווערט איינס — דיינס מיינס, מיינס דיינס. אויס קנאה, נישטאָ קיין חשבונות. ביידע גייען מיט איין וועג.
ביידע ווילן לעבן, ביידע האָבן ווייב און קינד, און יע-דערער האָט ליב זיינס, דווקא זיינס, דאָך איז דאָס איינס געוואָרן.
אָט דאָס טיכל מיט די קוויטלעך האָט זיי צוזאַמענגעבונדן און הייליק איז געווען דער בונד...



נאָך אַסך, אַסך האָט זי געזען אין איר לעבן.
אַסך טרערן אין זיך איינגעזאַפּט. וויסטע שלאָפלאָזע נעכט אַדורכגעמאַכט. תיקון-חצות אָפּגעריכט. איבערגעלעבט גזירות, געטרייסט אבלים, מיט אַלעמען מיטגעפילט, געצליטן, די טרערן אָפּגעווישט — ביז עס איז געוואָרן אַ קוואַל...
זי האָט אויך פאַרבראַכט אויף שמחות.
דעם טלית אין שול געטראָגן, דעם אתרוג, לעקעך צו אַ

סיום-התורה, אַ ברית, אַ פדיון-הבן, אַ בר-מצווה און ווער ווייסט וואָס נאָך.

און אין פּאַרלויף פון די יאָרן איז זי אַלט געוואָרן, צע-ריסן, נישטאָ אַ גאַנץ ברעקל. און געענדיקט האָט זי מיט אַ שיינעם און הייליקן טויט.

דעם חמץ האָט מען אין איר פאַרברענט.

ריין אויסגעוואַשן און אין איר — אַ הילצערנע לעפל, אַפּאָר אָפּגעקלאַפּטע הושענות, אַ ווייס גענדזן פּעדער און אַ דריי-פיר שטיקלעך האַרטע ברויט—דאָס איז דער לעצטער חמץ פון שטוב.

פריילעך לויפט דערמיט אַ יינגעלע אין קוזשניע אַריין. אַסך קינדער לויפן אים נאָך, צו זען ווי דאָס וועט ברענען.

און אין דאָס אַש אַדורכגעברענטע קווייטלעך, די שליאַקן מיט די געשלייפטע גרינע סטענגעס שושקען זיך צווישן זיך ריין און הייליק:

— מיט אונז שטאַרבן אָפּ אַזויפיל סודות, אַ ים מיט זכרונות.

1907 ווארשע

# א מתנה

מיין צער־בעל־חיימניק צו זיין געבורטס־טאָג

אין אָנהויב האָט מען זיך געשעמט. דאָס ייִנגל, וואָס איז אין שטוב אַ גאַסט געווען, האָט זיך צו דער מאַמען געטוליעט און זיך געשעמט. פאַר אַלץ געשעמט—פאַר דער גרויסער שטוב, פאַר דעם גרויס־שטאָטיקן מעבל, וואָס ער זעט צום ערשטן מאָל. ער האָט דאָס פּנים אין דער מאַמען באַהאַלטן און זיך געשעמט מיט דער פּלייצע, מיטן גאַנצן גוף און געהאַלטן ביי צעוויינען זיך פון שעמעריי.

דאָס מיידעלע האָט זיך געפּילט היימישער, האָט זיך נאָר לעבן איר מאַמען געהאַלטן — דאָס פינגערל אין מויל און שע־מעוודיק און מיט אַ זייט צום שעמעוודיקן ייִנגעלע צוגעקוקט.

דערנאָך איז דאָס געוואָרן בעסער. מען האָט געשלאָסן קאַנטשאַפט און צוזאַמען זיך געשפּילט.

דאָס מיידעלע האָט לכבוד דעם גאַסט אַלע אירע שפּיל־צייג אויסגעשטעלט. און געווען זענען אַסך — אַ ליאַלקע, אַ קליי־נע, נאָך אַ קלענערע, אַ גרעסערע און גאָר אַ גרויסע, וואָס זאָגט „מאַמע״ און פאַרמאַכט די אויגן צום שלאָפן. אַ קיך מיט אַ קיכגעשיר, אַ טיש מיט שטולן און אַ קאַווע־סערוויז, אַ בעט און וואַש־טיש, אַ באַן אויף רעלסן, בילדער מיט אַ פּאָר־

גרעסער·גלאָז, אַן אויטאָמאָביל, וואָס גייט אַליין, אַ לעבעדיק פײגעלע אין אַ שטײג און אַ בער אויף רעדלעך.

מען האָט געגעסן ברויט מיט פּוטער, פּאַרטרונקען מיט מילך און זיך געשפּילט.

———————

פאַרן געזעגענען איז דעם מיידעלע איינגעפאַלן דעם ייִנגעלע געבן אַ מתּנה.

אין אָנהויב האָט זי עס נאָר פּלאַפּלענדיק זיך אויסגערעדט. זי האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס זי רעדט.

דאָס קליינע הערצעלע האָט איר געקלאַפּט — עס איז איר אַ שאָד געווען, וואָס ער זאָל נישט נעמען איז איר אַ שאָד.

נאָר אַז זי האָט זיך אויסגערעדט, האָט זי דערפילט, אַז זי טוט אַ גוטע זאַך. באַלד האָט איר אַליין הנאה געטון פון איר גוטסקייט און האָט זיך געבעטן:— נעם עפּעס!

זי האָט געציטערט פון פאַרלאַנג, אַז ער זאָל עפּעס נעמען און געוואָלט, אַז ער זאָל נעמען דאָס בעסטע — זאָל זיין די ליאַלקע, וואָס זאָגט „מאַמאַ״ און פאַרמאַכט די אויגן צום שלאָפן, זאָל זיין די באַן אויף רעלסן,— וואָס ער וויל זאָל ער נעמען.

דאָס ייִנגעלע האָט אין אָנהויב נישט געגלויבט. ער האָט זיך געשעמט און נישט געוועזן דרייסט. נאָר אַז ער האָט געזען איר בעטן, האָט ער איר געוואָלט צוליב טון. דאָס קליינע הערצעלע האָט אים געקלאַפּט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס אויסצוּקלויבן. אַ מינוט האָט ער זיך פאַרקלערט. צום סוף האָט ער אויסגעקליבן דאָס שטייגעלע מיט דעם פייגעלע.

דאָס מיידעלע האָט זיך פאַרוווּנדערט — קיינמאָל וואָלט זי זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער זאָל דאָס אויסקלויבן.

נאָר באַלד איז פאָרגעקומען אַ זאַך, וואָס האָט איר נאָך מער פאַרוווּנדערט. ווען דאָס פייגעלע איז שוין בײַ אים אין האַנט געווען, איז ער פּלוצלינג מיט איר צו צום אָפענעם פענצטער, האָט געעפנט דאָס שטייגעלע און מיט איין פלי איז דאָס פייגעלע געווען אין דרויסן.

— אוי, וואָס האָסטו געטון? — האָט דאָס מיידעלע אַ געשריי געטון און איז פון שרעק צוגעפאַלן מיטן פנים צו איר מאַמען.

נאָר ווען די שרעק איז אַריבער, זי האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן, די אויגן געעפנט און דערזען דעם יינגעלעס שיינעם פנים, איז זי אויך ליכטיקער געוואָרן.

זי האָט דערפילט, אַז ער האָט געטון אַ גוטע זאַך. זיי האָבן ביידע אַ גוטע זאַך געטון.

זיי האָבן אַ מתנה געגעבן, די גרעסטע מתנה, וואָס קליינע קינדער קענען ווען געבן.

תל־אביב, 1917

# אַ שמייכל

אין רעסטאָראַן, ווו איך עס מיטאָג, עסן אַסך יונגע מענטשן. און אין דער מיטאָג־שעה איז אָפט שווער צו קריגן אַ פּלאַץ.

דאָס מיידל, וואָס דערלאַנגט צום טיש, איז נאָך גאָר יונג, אַ מיטל־ווּקס, בלאָנדע האָר פאַרפלאָכטן אין אַ נישט לאַנגן דיקן צאָפּ. אַ לענגלעך מאַט־בלייך געזיכט, מידע אויסגעלאָשענע אויגן און אַ רחמנותדיק קינדיש שמייכל אויף די ליפּן.

ווען זי גייט צו מיר צו און פרעגט שמייכלענדיק: „וואָס וועט איר עסן?", באַקום איך אַזאַ מיטלייד מיט איר, אַז עס ווילט זיך מיר זאָגן:

„—פריילין, אָט זעצט זיך צו אויף אַ מינוט, וועל איך זיך אַליין עפּעס נעמען"...

נאָר אויס געוווינהייט בעט איך עפּעס. זי טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַ שמייכל, און גייט צו צו אַ צווייטן.

ווען זי גייט אַרויס פון צימער, איז דער גאַנג אירער אַזוי שווער, ווי זי וואָלט געהאַלטן אַ באַרג אויף די אַקסלען; צו זען איז נאָר די פּלייצע, און מיר דאַכט זיך, אַז יענע זייט... די זייט, וואָס שמייכלט און פרעגט, וואָס וועט איר עסן, איז אין אַ טיפן אומעט פאַרזונקען, די ליפּן פאַרביסן, אין די אויגן שטייט אַ טרער, אָט פאַלט זי אַריין אין טעלער. אַ נס, וואָס עס איז ערשט ליידיק...

ווען זי ווייזט זיך צוריק אויפן שוועל, איז שוין אַ האַלבע גענאַכטער שמייכל צו באַמערקן. וואָס נענטער זי קומט, ווערט עס גרעסער, דערלאַנגט און שמייכלט, פרעגט: „וואָס פאַר אַ זופ וועט איר עסן?“, שמייכלט און גייט צו צו אַ צווייטן.

יעדן אַ שמייכל — אַ מין סערוויז, פונקט ווי לעפל, גאָפל, מעסער, יעדן באַזונדער זיינס, און אַלעמען דאָס זעלבע. פרווו פאַרבייטן, וועסטו נישט געווינען און נישט פאַרלירן...

*

דעם טאָג זענען געווען אַסך געסט, לאַנג האָב איך געזוכט אַ פּלאַץ, דערנאָך האָב איך זיך צוגעזעצט און געוואַרט. אַלע האָבן געאיילט, געפּעסט, געקלונגען אין די טעלער. זי איז פאַררויטלט און צעטומלט, כאַפּט זיך אייניקע באַדינען און באַדינט קיינעם נישט. פאַרטשעפּעט זיך אין וועמען. בלייבט אַ מינוט שטיין מיט דעם טעלער אין האַנט, מיט אָפענע גלעזערנע בליקן, אַנטשולדיקט זיך, הויבט אָן שמייכלען און ווערט נאָך רויטער.

אין אַ ווינקל בין איך געזעסן און געטראַכט. אין קאָפּ האָבן זיך ביי מיר געוויגט פאַרשידענע געדאַנקען — האַלבע, ברעקלעך, היבלינעס פון געדאַנקען. געלאָפן איינע איבער דער אַנדערער, זיך אָנגעשלאָגן, אַריבערגעיאָגט, און פּלוצים — שטיי! שאַ, געשטאָרבן, צוגעדעקט מיט אַ שוואַרץ געוואַנט, אָדער צעפלויגן ווי אַ סטאַדע קליינע פייגעלעך, העט ווייט, ווייט, זעען זיך אָן, ווי קאָלירטע זעמדלעך.

אינמיטן איז מיר איינס אַדורכגעשוועבט. אָט דאָ שטייט איינער אַ גרויסער טיש און דריי קליינע. ביים גרויסן זיצן צען מאַן, ביי די קליינע צו דריי.

דורכשניטלעך זיצט יעדער צוואַנציק מינוט.

אין אַ שעה בייטן זיך דריי.

יעדן שענקט זי צו מיטאָג ווייניקסטנס אַ פיר-פינף שמייכלען.

די מיטאָג-שעה ציט זיך פיר-פינף שעה.

מאַכט דאָס:

אין אַ שעה.

אין אַ יאָר...

אַחוץ אַ שמייכל ביים גוטמאָרגן, ביים געזעגענען, ווען עס ווילט זיך אַ שמייכל טון, ווען מ׳דאַרף אַ שמייכל טון, און גלאַט אַ שמייכל.

אָט דאָס בלייכע אויסגעלאָשענע מיידל האָט שוין מיליאָנען גלעזערנע, קאַלטע שמייכלען באַשאַפן...

*

אַזוי האָב איך מיר פאַרקלערט אַ היפשע ווײַלע.

ווען זי איז צו צו מיר און געפרעגט: „וואָס וועט איר עסן, הער?״ איז שוין דער עולם קלענער געווען. עס זענען נאָר געבליבן אייניקע, וואָס האָבן אָנגעטון דעם פּאַלטאָ, דעם הוט, פאַרקוקט אין שפּיגל און געקליבן זיך אַוועקצוגיין.

אין שטוב איז געווען אַ גרויסער אומאָרדענונג. די טישן נישט אויפגערוימט, ברודיקע טישטעכער פאַרפלעקט מיט אַ מיאוסן ווײַנשל-קאָליר. די שטולן זענען געווען אַזוי צעוואָרפן, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט, דאָס די גאַנצע שטוב איז פול מיט שטולן.

איך האָב אויף איר אַ בליק געוואָרפן. זי איז געשטאַנען נישט ווייט פון מיר, אָנגעשפּאַרט אויף אַ ווענטל פון אַ בענקל, דאָס געזיכט מאַט-געל מיט פולע בלויע אָדערן פון די שלייפן דורך דער באַק ביזן האַלז אַריין, די אויגן האָבן געקוקט מיד, שטרענג און פרעגנדיק. די אונטערשטע ליפּ פאַרביסן, ווי זי וואָלט זיך איינגעהאַלטן פון וויינען...

*

איין שמייכל האָט זי נאָך געדאַרפט.

דעם טאָג בין איך געווען דער לעצטער גאַסט.

נאָר דער איינער האָט איר שוין אויסגעפעלט...

ווארשע 1908

## די ווייסע בלום

די פרוי, וואָס האָט מיין בעכער חדשים־לאַנג מיט גיפט אָנגעפילט, האָט מיך ביים האַנט אָנגענומען, אָן אַ זייט אָפּגעפירט.

— ליבער, — האָט זי געזאָגט און האָט מיר לאַנג אין די אויגן געקוקט.

— ליבער, — האָט זי געזאָגט און האָט די ווייסע בלום פון איר ברוסט גענומען און מיר אַלס צייכן פון שלום דערלאַנגט.

זי איז שוין נישט געווען. און די ווייסע בלום פון שקר האָט נאָך ביי מיר אין לאַנג געבלייכט.

אין דרויסן האָט געשיינט, און איך האָב געטראַכט, אַז דער, וועמען זי האָט ערשט פאַרראַטן, מוז געוויס רייך זיין...

איך האָב די בלום פון לאַנג גענומען און געדעכנט אַוועק־צוּוואַרפן, נאָר באַלד זיך איבערגעלייגט — אַזאַ בלום אין ווינטער מוז אַסך געלט קאָסטן, מען קען זי עמעצן שענקען.

די ערשטע, צו וועמען איך בין געקומען, האָט אַ לענגלעך מאַט געזיכט געהאַט מיט גרויע קלוגע פאַרבענקטע אויגן — זי איז שוין נישט גאָר יונג געווען און האָט נאָך איז איר לעבן קיין איין פרילינג נישט געהאַט.

איך האָב אָנגעקלאַפּט און געזאָגט:

— איך האָב אַ שיינע ווייסע בלום און וויל זי אייך אָוועקשענקען.

איך האָב געפילט, ווי איר פּנים האָט זיך אויף יענער זייט טיר מיט אַ רויִסקייט באַגאָסן און אין איילעניש האָט זי גענומען זוכן דאָס אָנטון.

— אָבער איך דרויסן שנייט און די בלום וועלקט פון פראָסט!

— אָט באַלד! נאָר די שיך דאַרף זי אויפזוכן.

דערנאָך האָט זי זיך לאַנג געדרייט אַרום טיר מיטן שליסל און האָט די טיר נישט געקענט עפענען.

איך בין אַוועק און האָב געקלערט:

— דאָס מיידל וועט פאַרזיצן. זי האָט זיך אַ שלעכט צימער איינגעשאַפן. אַפילו די ווייסע בלום פון שקר קען דאָרטן די טיר נישט עפענען.

די צווייטע איז שוין געווען אין שיך און אין שלאָפראָק. די טיר האָט זיך באַלד געעפנט.

איר געליבטער האָט זי מיט צוויי חדשים צוריק אַוועקגעוואָרפן.

און גאַנצע צוויי חדשים זיצט זי, די אויגן צו דער טיר, אין וואַרט, אַז זי זאָל זיך ווידער עפענען...

מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי די בלום צו די ליפּן צוגעטראָגן, וועלכע האָבן מיט דער בלום איין קאָליר געהאַט.

זי האָט דעם קאַלטן פראָסט אין זיך איינגעטעטעמט און געזאָגט:

— אַך, ווי פראַכטפול!

זי האָט די אויגן פאַרמאַכט, אַזוי גליקלעך איז זי געווען, וואָס דער געליבטער האָט זיך צו איר צוריקגעקערט...

נאָר ווען איך האָב די טיר פון דער פאַרלאָזטער פרוי ווידער הינטער זיך אויף אַ צייט פאַרמאַכט, האָט מיר פאַר די אויגן קעגן דעם ווייסן שניי עפּעס ווייסעס אַ שווינדל געטון.

און אין איין אויגנבליק זענען מיר ביידע צום קאַלט-פאַרשנייטן טראָטואַר צוגעקומען:

איך דורך דער טיר, און די ווייסע בלום פון שקר דורכן פענצטער...

# שחרה

ווען „די צייט" פון שחרהן איז געקומען... איז זי גע־וואָרן אומרויק, אויפגעהערט צו עסן און ווייבעריש־בענקנדיק צום דרויסן געמוקעט, געמוקעט דורך דעם אָפענעם פענצטער אַהין אין יענער זייט אין דער צווייטער זייט פון הויף.

דאָרט, אין „יענער זייט", אין אַ באַזונדער שטאַל זענען געשטאַנען דריי גרויסע ביקעס פון אויסגעצייכנטן שטאַם. און יעדעס מאָל, ווען דאָס מוקען פון שחרהן האָט זיך צו זיי דערטראָגן, האָבן זיי מפסיק געווען דאָס עסן, אויסגעדרייט די קעפ און געענטפערט מיט דריי שטאַרקע מענלעכע שטימען. יעדער איינער מיט זיין שטים און מיט זיין אַרט פאַרענדיקן. און יעדער איינער האָט זיך געפלייסט דעם צווייטן איבערצו־שטייגן, פול מיט תאווה און האָפענונג.

צוזאַמען מיט דעם מוקען האָט זיך צו זיי פון דאָרט דערטראָגן אַ ריח, אַ זויערער, אַ האַרבער, וועלכער איז פאַר די דריי זכרים מאָדנע אָנגענעם געווען. זיי האָבן פאַרזשמורעט די אויגן, געסמאָרעט מיט די נעז, פאַררייסנדיק די קעפ אין דער הייך, און געזוכט עפעס מיט דער אויבערשטער ליפ, ווי נאָך אַ שטאַרקן שמעק־טאַבאַק.

און באַלד זענען זיי די אויגן געוואָרן איבערגעקערט און

מאָדנע רעדער, רויט און בלוי, געל און גרין, און ווידער רויט— האָבן פּאַר זייערע אויגן געטאַנצט. אַ קאַלטער שווייס האָט זיי באַדעקט און זיי האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן אָן דעם עסן.

ווען מען האָט זיי אָפּגעבונדן צום טרינקען, האָבן זיי גלייך ביי דער טיר זיך גענומען שלאָגן.

געשלאָגן האָט מען זיך לאַנג און בלוטיק, מתכוון געווען וואָס שטאַרקער דער קלאַפּ זאָל זיין און אין אַ וואָס מער געפערלעכן פּלאַץ צו טרעפן. מען האָט זיך איבערגעקערט, אויפגעשטאַנען און ווידער איבערגעקערט, געוואָרפן און אויסגעשלעפּט דעם גאַנצן הויף. און אין דער לופט איז אַ שטויב געשטאַנען ביזן הימל, און אַ רעוועריי ווי צען טויזנט געקוילעטע אָקסן וואָלטן זיך מיטן טויט געראַנגלט.

נאָר ווייל קיינער איז נישט אַזוי גרויס און שטאַרק געווען ווי „באָמבע" און קיינער האָט נישט געהאַט אַזאַ שיינעם ווייס- און שוואַרץ-קאָליר, איז דער נצחון אַריבער אויף זיין זייט...

*

מען האָט שוין די טירן געעפנט און די בהמות צוריק אויף זייערע ערטער געבונדן. און איבערן הויף זענען נאָך די פּאָר אַרומגעשפּאַצירט, זייט ביי זייט, פוס און פוס. „זי", די צוויי-יאָריקע טעליצע, ווייס- און רויט-קאָליר האָט קעגן „אים" מאָדנע קליין אויסגעזען און האָט זיך שטאַרק און שטאָלץ געפילט פון זיין גרויסקייט...

און אויסציענדיק צוזאַמען די קעפּ און פונדערוווייטנס האָט זי פון ערגעץ-ווו אַ מאָדנעם געפיל פאַרנומען, מאָדנע ניי און אָנגענעם, פון וועלכן זי האָט נאָך ביז יעצט קיין באַגריף נישט געהאַט...

עס האָבן זיך איר פאַר די אויגן מאָדנע קאָלירטע רעדער געטראָגן: רויט און בלוי, געל און גרין, רויט-ווייס און רויט-שוואַרץ; צוזאַמען מיט אַסך גליק און ליבע און איבערגעגעבנהייט צו איר ערשטן קינד, מיט וועלכן זי איז נאָר-וואָס אין טראָגן פאַרגאַנגען...

תל-אביב

## פאַרנאַכטיקע טיי

ער פלעגט זייער שטוב צו פאַרנאַכטיקן טיי באַזוכן און פאַר די קליינע קינדער שפּילצייג ברענגען.

— גוטן אָוונט, אָנקל ב.!— זענען די קינדער הילכיק און מיט אַ פרייד אים אַנטקעגנגעשפּרונגען.

— גוטן אָוונט, הער ב.! — האָט זיך די מוטער פון איר וויג־שטיל לייכט און מיט ווירדע צו זיין באַגריסונג אים אַנט־קעגנגעבייגט.

גוטן אָוונט... — האָט אים דאָס מיידל, עטוואָס געראַטלט, איר ווייסע האַנט דערלאַנגט.

די שענסטע פּוטערקוכנס זענען אויפן טיש אויסגעוואָקסן.

און נאָכן ערשטן גלאָז טיי איז די מאַמע ערגעץ־ווו ווי פאַרשוונדן.

נאָר ווען די באַזוכן האָבן זיך אַזוי פאַרגעזעצט און מער ווי צו שפּילצייג פאַר די קינדער האָט דאָס נישט געפּ־רט... האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן זעלטענער צום טיש אַרויסקומען און די מאַמע האָט אויפגעהערט זיך צו איילן מיט איר גלאָז טיי.

— אַך, ליבער הער ב., אונזער סאָניע האָט דאָך ווידער אַ העפטיקן מיגרען באַקומען...

זי האָט אים לאַנגווייליקע מעשיות דערציילט און האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אויף דעם פוטערקוכן, וואָס אין בופעט.
ער האָט מיט דעם לעפעלע זיין גלאָז טיי געמישט און אויס לאַנגווייליקייט געמורמלט:
— עס טוט מיר לייד, ווירקלעך לייד.
און האָט געקלערט, אַז מען האָט שוין געדאַרפט פאַר דעם פאַרנאַכטיקן טיי עפעס אַ נייעם פלאַן אויסזוכן.

תל־אביב

# שלום געמאַכט

זיי האָבן זיך נישט געקענט און פיינט געהאַט.

לאַנגע אומעטיקע שלאָפלאָזע נעכט האָבן זיי אין שנאה־פאַרצווייפלונג איינע צו דער אַנדערער די הענט אין פויסטן גע־דריקט — די ציין אין די ליפּן ביז בלוט איינגעביסן.

זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט געטראָפן און נישט געוווּסט די וווינונג, אויסזען, עלטער און ווּקס, נאָר אין שנאה־פאַנטאַזיע יעדע איינע דער צווייטער געמאָלט מיט עקל, ווי אַ מכשפה, וואָס איז אָנגעשטאַנען צו־צעשטערן איר גליק.

ווען ער איז אונטער דער גרויסער משא ליבע און איי־פערזוכט, שנאה און ליידנשאַפט אונטערגעבראָכן געוואָרן, האָבן זיי זיך באַגעגנט. ביידע מיט אָראָפּגעלאָזענע קעפּ און אָנגעטון שוואַרץ...

זיי האָבן זיך דערקענט. ביידע יונג, שיין, מיט אַ מאַט־בלייכן געזיכט און פאַרביסענע ליפּן פון ליידן.

זיי האָבן זיך דערקענט און נישט געוווּנדערט, וואָס זיי זעען אויס אַזוי.

און קעגן דער נאַטור פון ווייבער האָט יעדער איינער עפּעס הנאה געטון פון דער צווייטערס שיינקייט — ווי זי וואָלט זיך געזען אין שפּיגל.

שטיל האָבן זיי זיך דערנענטערט און שטיל אָן ווערטער זייער ווייטיק צונויפגעלייגט און באַלד צוריק פונאַנדערגענומען און יעדע איינע ביי אירס געבליבן.

זיי האָבן נישט גערעדט. צוויי קינדער האָבן זיך רייסנדיק איבער אַ שפּילעכל דאָס שפּילעכל צעבראָכן — — און וואָס איז געבליבן צו רעדן...

תל־אביב

## ווייס און רויט

אַ נאַכט געוואַכט און מיט אַ וואַרים האַרץ אין דער שטילער נאַכט איינגעהערט.

ווי פון אַ טיפן ים האָב איך פון דער נאַכט אַרויס ווייסע פערל געשעפּט. קינדער־קריאת־שמע און גוטע-נאַכט-קושן—געשעפּט און אויף זיידן שנירל געצויגן...

רויטע קאַרעלן, מענער־תאווה און פרויען-לוסט, זיס, האַרב און בלוטיק־שוימיק מיט אַ סוד פון נייע לעבנס אויף פורפור אָנגעשטאָכן.

לעבן מיין רעכטער האַנט איז מיין קינדס בעטל געשטאַנען און האָט פון שלאָף, ווי מיין אייגן לייב צו מיר, מיט צאַרטע ליבע געעטעמט און אַרום מיר, מיט ווייסע ליבע און ווייסן גליק אַרום געהויכט...

אין דער לינקער האַנט איז מיין ווייבס בעט געשטאַנען און ווי אַן איינגעשלאָפּענער ים נאָכן שטורעם האָט זי צו מיר, מיט איר פולער ברוסט, מיט איבערגעבנהייט געעטעמט, פול מיט גליענדע ליבע און איינגעשלאָפּענע לוסט, און אַרום מיר, מיט גליענדע ליבע און רויטע גליק אַרום געוועבט...

פלוצים האָט פון דער נאַכט אַרויס — וואָס האָט פון עק ביז עק, פון איר אָנהויב ביז איר אויסלאָז, מיט לוסט און ליבע געעטעמט — אַ מחנה נאַכט-שמעטערלינגען דורך דעם אָפענעם

פענצטער צו מיר אין צימער זיך אַריינגעריסן. גרין און בלוי, רויט און ווייס — און רעגנבויגן. און צוזאַמען מיט מיין קינדס ליבע און ווייבס איבערגעבנהייט, ווי אַ רעגנבויגן,— גרין, בלוי, רויט און ווייס מיט ווייסע פרייד און רויטע גליק דעם צימער אָנגעפילט.

האָט זיך מיר פאַרוואָלט פון דער פאַרשיכורטער נאַכט, פון דעם שטילן גליק און גליענדן לוסט, אין טאָג אַריין, פאַר קינד און פאַר דורות, אַ גרוס ברענגען און האָב נאָר צוויי פון די ווונדער-פאַבריקע שמעטערלינגען געכאַפּט און צו זיך אין בוך צווישן די בלעטער, ביז אין טאָג געלייגט. —

נאָר ווען איך האָב מיטן טאָג די טייערע מתנה פון צאַרטע ליבע און גליענדע לוסט דעם קינד דערלאַנגט — האָט זיך דאָס קינד צעוויינט:

— זיי זענען דאָך טויט!...

האָט מיין ווייב די ווייסע הענט פאַרבראָכן:

— רוצח, האָסט דאָך זיי געהרגעט!...

האָב איך נאָך אַמאָל אַ בליק געגעבן אויף מיין גרוס פון ליבע און לוסט — און האָב זיי ערשט דערזען טויט, און צוזאַמען מיט קינד און ווייב די הענט פאַרבראָכן און זיך צעוויינט...

תל-אביב 1910

# שווייגן

— דערציייל נאָך עפּעס,—האָט זי מאָדנע פאַרטרויליך אים אין די אויגן געקוקט און געוואַרט אויף נאָך אַ מעשה.

ער האָט וואונדער-שיינע מעשיות געקענט — אייגענע און פרעמדע, און האָט זיי וואונדער-שיין דערציילט. קיין זאַך האָט זי נישט אַזוי געליבט, ווי די מעשיות, וואָס ער פלעגט איר דערציילן.

זי איז נאָך גאָר יונג געווען און ער — דאָס ערשטע יינגל מיט וועמען זי האָט געזוכט אין דער שטילער אַלעע אַליין צו בלייבן.

פאַרטרויליך האָט זי זיך אין דער טונקל לייכט צו זיין זייט צוגעבויגן, צוגעהערט צו די שטילע מעשיות, וואָס זענען ווי בוימל אין דעם שטילן פינצטער געפלאָסן. און אין אַ באַהאַלטענער ליידנשאַפט געבעטן:

— דערציייל נאָך עפּעס! דערציייל נאָך עפּעס!

און איינמאָל, ווען זיי האָבן זיך, ווי זייער שטייגער, אויף דער באַנק איינגעזעצט, און ער האָט געזאָלט אַ מעשה אָנפאַנגען, האָט ער איר מאָדנע פאַרטרויליך ביים האַנט אָנגענומען און געזאָגט:

— מיין ליבע, קום שווייגן.

זי האָט פאַרטרויליך איר האַנט אין זיינע געגעבן און געשוויגן.

דעם גאַנצן לאַנגן אָוונט האָבן זיי זיך צו זייער שווייגן צוגעהערט, און עס איז איר בעסער געווען, ווי ער וואָלט איר טויזנט שיינע מעשיות דערציילט...

## דער ריכטיקער וועג

ער האָט בלינדערהייט אַ וועג צו איר האַרץ געזוכט און האָט איר מיט לידער און בלומען געשפּרייט...

בלומען און לידער. ער איז יונג געווען, צאַרט און פאַר־חלומט, און האָט גאַנצע נעכט זיין מיידל אין לידער באַזונגען.

לידער און בלומען. די שענסטע בלומען האָט ער פאַר איר אין קראַנץ געפלאָכטן און אַלע פינגער אין די בלומען־דערנער ביז בלוט צעשטאָכן..

בלינדערהייט האָט ער אַ וועג צו איר האַרץ געזוכט, האָט זי מיט לידער און בלומען געבעט און האָט דעם וועג נישט געפונען.

איז געקומען אַן אַנדערער — שוואַרצע שנור־באַנד און וויי־סער פליך, גאָלדענער זייגער און בריליאַנטן־רינג.

ער האָט איר אַ היפּשן מילך־שאָקאָלאַד געבראַכט און איז אַרויף אויפן ריכטיקן וועג...

תל־אביב

# לעבן און סצענע

I

צופעליק האָבן זיי זיך באַקענט און באַפריינדעט.

זי האָט אויף דער סצענע געשפּילט און איז אין די אָוונטן געווען פאַרנומען, פלעגט ער די מיטאָגס-שעה פון זיך אָפּשפּאָרן און איר אָוועקגעבן, און אַז זי איז אַן אָוונט פריי געווען, האָבן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט.

ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן באַמערקן, אַז זיי געפעלן זיך. נאָר יעדער איינער האָט געפונען פאַר נויטיק זיך קאַלט צו האַלטן, כדי דעם צווייטן דערמיט מער צו פאַראינטערעסירן.

און איינמאָל, ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלעס איז שוין קלאָר, האָט ער זיך ערקלערט..

זי האָט קאַלט, קאַלט ווי אייז, אויסגעהערט און באַדויערט...

ער האָט זיינע אויערן נישט געגלויבט, אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט זיך שוין גענוג איבערצייגט, האָט ער איר טיף און מיט גאַל אָנגעקוקט און געפרעגט:

— דו שפּילסט?...

האָט זי מיט דער זעלבער קעלט און גלייכגילטיק געענטפערט:

— מיין פריינט, אין לעבן בין איך נישט קיין אַרטיסטין...

האָט ער איר פאַרלאָזן.

*

ווען עס איז אוועק אַ צייט און ער איז נישט געקומען,
איז איר אַ שטאַרק בענקען באַפאַלן, און זי האָט באַשלאָסן:
ווען זיי וואָלטן זיך ערשט געטראָפן, גיט זי זיך אונטער.
האָט זי זיין וווינונג אויפגעזוכט און צו אים געקומען.
זי האָט אים אין צימער געטראָפן. טיף פאַרקלערט איז
ער לעבן פענצטער געזעסן און אויף די פאַרנאַכטיקע הימלען
אַרויסגעקוקט.
איר פלוצלינגער דערשיינען האָט אים איבערראַשט. ער
האָט זיך לאַנגזאַם אומגעדרייט און פויל איר דערלאַנגט די האַנט.
זי איז מיט אַ געלעכטער צו דער האַנט מיט ביידע
הענט צוגעפאַלן:
— מיין ליבער, איך האָב געשפּילט, איך האָב געשפּילט...
האָט ער פאַרחלומט די אויגן צו איר אויפגעהויבן און
לאַנגזאַם באַטאָנט:
— מיין בעסטע, איך האָב מיך געלערנט שפּילן...

II

צוערשט האָבן זיי זיך אויף דער סצענע געטראָפן און ביסלעכווייז איינער דעם אַנדערן פאַראינטערעסירט.

יעדער האָט געהאַט אַ פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט ביי אים שווערע געפילן אַרויסגערופן, און קיינמאָל נאָך ווי ערשט, וואָלטן זיי דאָס גערן באַגראָבן און מיט אַ שווערן שטיין צוגעדעקט...

אין ליבע האָבן זיי זיך נישט ערקלערט. עס האָט שוין זיי צוגעגעסן און מיט נישט-ערנסטקייט געשראָקן.

צוגעגאַנגען איז דאָס זייער שטיל און פאָרזיכטיק.

זיי זענען שוין ביידע מיד און צעבראָכן געווען און האָבן נאָך עטוואָס ריינעס, ווייכעס און צאַרטעס געגאַרט:

זאָל מיר אַ ברודער ביי דער האַנט גלעטן.

זאָל אַ שוועסטער מיין קאָפּ אין איר שויס פאַרוויגן...

האָבן זיי גאָרנישט גערעדט, נאָר זייער אָפּט האָט דאָס אויג, דאָס האַרץ געמסרט...

צו איר אַהיים איז ער נישט געגאַנגען. פלעגן זיי מיט האַרץ-קלאַפּונג דערוואַרטן די פאָרשטעלונג.

*

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן עטוואָס נעבנטערס און ליידנשאַפטלעכעס פילן, האָט זיך איבער זייערע הימלען אַ

גרויעס פאַרצויגן און האָט זיי מיט זיין אומדייטלעכע גרויקייט געשראָקן...

איינמאָל זענען זיי אויף דער סצענע געווען. זי האָט טיף, קלוג און באַגייסטערט געשפּילט, אַז ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון פרייד-אויפרעגונג דאָס שפּילן נישט צו שטערן. און ווען זיי זענען הינטער דער סצענע געבליבן, האָט ער נאָך פון אַנטציקונג אַ וואָרט נישט געקענט רעדן, זי ביי דער האַנט אָנגענומען, צו זיך צוגעצויגן און הייס און ליב אין קאָפּ געקושט...

זי איז ווי פאַרשיכּורט געווען און קוים זיך אָריענטירט. ליגנדיק אויף זיין ברוסט האָט זי ווי אין אַ פיבער געציטערט. לאַנגזאַם דעם קאָפּ אויפגעהויבן, די טיפע פאַרגרימירטע אויגן צו אים אַרויפגעצויגן און עמעץ האָט פון איר אַרויסגערעדט:

— יוסף! איך שרעק מיך. איך האָב מורא פאַר דיר!...

עס איז אים פּלוצים, ווי מען וואָלט אים מיט עפּעס אַ שווערעס איבערן געזיכט געגעבן.

פאַרבייסנדיק די ליפּן פון ווייטיק, האָט ער איר'ע הענט אַרויסגעלאָזן און אָפּגעגאַנגען.

אַ גרויע שרעק איז ערגעץ פון דער טיף געשטיגן, האָט זיך צווישן זיי געשטעלט, און אַלץ, וואָס זיי האָבן אַזוי פאַרזיכטיק אין אַ זיידן-שנירל געפלאָכטן—אומרחמנותדיק איבערגעריסן.

און בלייבנדיק אַזוי שטיין איינער קייגן צווייטן, האָבן זיי שטום יעדער פאַר זיך געקוקט, ווי געפרעגט:

— איז דאָס אויף דער וואָר, צי אויף דער סצענע?...

III

ער האָט אַ ווייכע און אַ ברייטע נאַטור געהאַט. פיל אין לעבן געליבט און נאָך געגנליבע געדורשט.

האָט ער אָבער אויף שלעכטע גיפטיקע פרויען אָנגעטראָפן, און זיי האָבן אים מיט קעלט און מידקייט אַרומגעווייט.

עס האָט זיך ביי אים אין האַרצן אַ קאַלטע שנאה און גלייכגילטיקייט צו זיי דערוועקט.

נאָר צייטנווייז האָט אין דער שטיל דאָס האַרץ נאָך אַ פרויען־שמייכל געבענקט, צו אַ שטילן רויקן פאַמיליען־ווינקל געגאַרט.

אין די אָוונטן איז אים שווער געווען צו בלייבן אין צימער, פלעגט ער טאָג־טעגלעך באַזוכן דאָס טעאַטער. עס האָבן אים נאָך פיל פראַגן געמאַטערט, האָט ער געוואָלט פון דער סצענע דאָס לעבן דערלערנען...

איינמאָל האָט ער אויף דער סצענע געזען אַ דראַמע.

אַ פרוי האָט שטאַרק געליבט, און האָט צוליב דעם גע־ליבטן באַטראָגן דעם מאַן.

דער געליבטער האָט איר מיט זיין קאַלטקייט אויפגערעגט און נאָך מער צו זיך געצויגן.

איינמאָל אין אָוונט האָט זי זיך פון דער היים אַרויסגע־ריסן, מאַן און קינד פאַרלאָזן און צום געליבטן אין צימער

געקומען. ער האָט זי, ווי זיין שטייגער, קאַלט און טרוקן אויפגענומען.

זי האָט אים זיינע הענט געקושט, אויף די קני געפאַלן. זיינע פיס אַרומגענומען און כליפּענדיק זיך צו זיי געדריקט...

דאַן איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק:

— אָט דאָס ווייב קען ליבן..

איז אָבער באַלד אַ צווייטער געקומען און האָט אים איינגערוימט:

— איז דען דאָס לעבן אויף דער סצענע?...

## IV

גאָרנישט לאַנג — זי איז אַ בילד־שיינהייט געווען.

מיט די בילדער, וואָס זענען ביי איר פון יענע גליקלעכע צייטן פאַרבליבן, שטאָלצירט זי נאָך היינט — ווען זי קען זיך נאָר פּאַסן, אַז זיי זאָלן ביי איר נישט אַרויסרופן קיין ווייטיק.

ער האָט זיך אין איר שטערבלעך פאַרליבט, זי איז צו אים אויך נישט געווען גלייכגילטיק, נאָר זי האָט זיך נישט באַלד אַרויסגעגעבן.

דאָס איז דאָס צווייטע, מיט וועלכע זי שטאָלצירט...

לאַנג האָט זי אים דאָך נישט געמאַטערט. ער האָט אויך גיך די וועגן צו איר האַרץ געטראָפן. פון דער סצענע איז ער געווען אַ „ליבהאָבער"...

אויף זייער פאַמיליען־לעבן האָט זי זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, בעסער האָט זי זיך נישט פאַרגעשטעלט.

ווען זי קוקט פון טעאַטער אויף דער סצענע אַרויף און זעט זיין שפּילן, ווי ער דערקלערט זיך אין ליבע דער קור־נאָסער אַרטיסטין מיט דעם העל־בלאָנדן פּאַרוק און ציטערט פון ליידנשאַפט צו איר, צעלאַכט זי זיך אין־זיך. און נישט איינמאָל קומענדיק אַהיים, גלעט זי אים אַזוי קינדיש־גליקלעך און קושט זיין שטערן.

— כאַ-כאַ-כאַ! וואָס זאָגסטו צו דער קורנאָסער מיט דעם העלן פּאַרוק?....

זי איז כמעט ווי זיכער, אַז ער איז איר טריי.

נאָר ווען זי האָט אין שפּיגל דעם ערשטן קנייטש אויף דעם שטערן באַמערקט און אַרום די אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלייגן בלויע רעדער, האָט זיך ביי איר אין האַרצן אַ נאָגנדיקע אומרויקייט פאַרגנבעט.

און איינמאָל, אַז זי האָט פון דער לאָזשע אויף דער סצענע געקוקט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז צו לאַנג קושט ער זיך מיט דער קורנאָסער, און דאָס קושן איז עפּעס אויסער דער סצענע... איז זי פון איר אָרט אויפגעשפּרונגען און צו דער סצענע אויסגעשריגן:

— חצופה! דאָס איז דאָך מיין מאַן...

וואַרשע 1909

# דער צייכן

אַלץ האָב איך אויף דעם מזבח פון מיין ליבע געבראַכט.
איז אָבער די, וואָס האָט געזאָלט די קרבנות באַוויליקן,
צו קלוג געווען, דערפאַרן, האָט גוט געקענט די מענער און
האָט זיך נישט געאיילט.

מיט אַ לייכט שמייכל האָט זי קלוג געפאָרשט:

— מיינסט דאָס טאַקע מיט אַן אמת? איז דיין גאַנץ
האַרץ דערביי?

איך האָב זי ליב געהאַט און לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט
האָב איך אין פיבער געברענט צו איר. און פאַרמאַכנדיק די
אויגן אין מידקייט איז איר קלאָר געזיכט מיר פאַר די אויגן
געקומען מאָדנע ליב און אַזוי קלוג קאַלט...

און מיט דעם העלסטן שמייכל פון זון-אויפגאַנג, און אין
שטילסטן אומעט פון בין-השמשות האָב איך איר מוטערלעכע
ברכות געשיקט.

און אינגאַנצן אירער, מיט קינדערשע טרערן האָב איך
איר נאָמען געחזרט.

— געבענטשט זאָלסטו זיין! זיין זאָלסטו געבענטשט!

איז זי אָבער צו קלוג געווען, דערפאַרן, און האָט גע-
צווייפלט און געוואָלט דאָך זיכער זיין. ווייל מענער נאַרן. ווייל
מענער — ווייסט זי — קענען פאַרפירן און האָט נאָך איין צייכן

געבעטן. נאָר איין צייכן, ווען איך קען איר נאָך איין צייכן
ברענגען, בלייבט זי זיכער, בלייבט זי באַרויקט.

דאָן בין איך שוין אָבער אין גאַנצן פאַראָרעמט געווען.
אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן.

איך בין צו איר געקומען און האָב געזאָגט:

— דו, ווייב, דיין ווונש זאָל דערפילט ווערן. איך וועל
דיר דעם צייכן ברענגען...

און איך האָב זי פאַרלאָזט.

*

די שענסטע ליבע, וואָס אַ מענטשן־קינד האָט ווען ס'איז
פאַרמאָגט, איז עס געווען מיינע. און איך האָב זי אויפן מזבח
פון דער ליבע פאַרברענט.

תל־אביב 1913

## טאַטאַ

נאָכן טויט פון ו. ר

אַלץ, צו וואָס זיין קליין הערצל האָט מיט ליבע געשלאָגן, האָט ער אויסגעגאָסן אין די צוויי זילבן:

— טאַ-טאַ!

ער האָט נאָר-וואָס אָנגעהויבן ציילן דאָס צווייטע יאָר אין זיין לעבן, און זיין גאַנצער פאַרמעג אין אויסדריקן איז געווען:

— טאַ-טאַ, מאַ-מאַ און טאַ...

ווען ער האָט אָנגעהויבן זען דעם טאַטן קראַנק זיין, אָפט קרעכצן און מערסטנס ליגן אין בעט, האָט אים זיין קליין הערצל, אָנפאַנג דעם צווייטן יאָר אין זיין לעבן, פאָרויסגעזאָגט שלעכטס, און זיין גאַנצע ליבע און מיטלייד האָט ער אויסגעדריקט אין זיין קליין פאַרמעגן:

— טאַטע, מאַמע און טאַ.

*

אין יענער נאַכט האָבן אים שווערע חלומות געשראָקן און געטומלט זיין שלאָף. ער האָט זיך אַסך מאָל געוועקט, און ביי דער בלאַסער לבנה-שיין האָט ער זיך צו יענעם בעט געצויגן, און דורך טרערן אין האַלב-טונקל אַהינגערופן:

— טאַטאַ! טאַ-טאַ!!

אָבער דער טאַטע האָט שוין נישט געהערט. און דער לעצטער טאַטע-געשריי איז מיט דעם לעצטן הויך פון טאַטן דורך דעם פענצטער אַרויס און פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט...

און אויף מאָרגן, ווען מען האָט אים מיט פאַרנאַכט־צייט צוריק אין שטוב געבראַכט, איז שוין די שטוב געווען אויפגע־רוימט, דאָס בעט אויפן אָרט געשטעלט, נאָר איין וואָרט אין זיין קליינעם אוצר, אָנפאַנגס זיין צווייטן יאָר — „טאַטע״ — האָט אים געפעלט.

ער האָט גרויס געעפנט די אויגן, דעם צימער באַטראַכט און עפּעס געזוכט אויפן בעט.

און אַ מאָדנער געשטאַלט אַ געטרייער, און אַ מאָדנע וואָרט אַ ליבס האָבן אים פאַר די אויגן געשוועבט. געקומען און פאַרשוואונדן.

און עפּעס אומקלאָרס און מיט אַסך ליבע האָט זיך אומ־קלאָר ווייטיקדיק אָנגעהויבן אויסקריצן ביי אים אין הערצל.

און אומקלאָר, ליב און ווייטיקדיק פאַרבליבן דאָרט אויף דער גאַנצער לענג פון זיין לעבן.

תל־אביב, אלול, תרפ״ט

## שוואָגערס

געוואָלט האָט מען וווינען איבערן הויז — טיר־אין־טיר, אַזוי אַז עס זאָל זיין איין שטוב. נאָר עס האָט זיך נישט גע־מאַכט, וווינט מען איבערן הויף — פענצטער קעגן פענצטער.

דאָס לעבן איז צוקער־זיס. קאָכט מען עפּעס אָפּ, טראָגט מען אַריבער מיט דעם לעפל צו פאַרזוכן. פעלט עפּעס איין צו זאָגן, איז די צייט צו לאַנג אַריבערצוגיין. שמועסט מען זיך אַדורך דורך די פענצטער, איבערן הויף אַריבער.

זעצט מען זיך צום עסן (דאָס מיטאָג איז אין איין צייט), גיסט מען אָן די גלעזלעך און מען טרינקט פונדערווייטנס לחיים.

פלוצלינג — ברוגז.

שטעלט זיך ווער אין פענצטער, לויפט דער צווייטער אָפּ. גייט איינער אַרויס אויפן באַלקאָן, טרייבט ער דעם צווייטן אין שטוב אַריין.

די קינדער פאַרשטייען דאָס נישט. און אַז מען זאָגט זיי, פאָלגן זיי נישט, און גייען איינע צו די אַנדערע.

זענען זיי דאָך נישט מער ווי קינדער און אייגן בלוט און פלייש, גיט מען זיי עסן, טאָמער זענען זיי הונגעריק. ווישט מען אָפּ אַ קינד אַ נעזל און מען שאַרט אַרויף אַ זאָק.

— זאָג דער מאַמען דיינער, אַז לויט ווי דיין טאַטע האָרעוועט, האָט זי דיר געמעגט אָנטון אַ שענער קליידל.

— זאָג דיין מאַמען, אַז מען טראָגט אַריין נאָך האַלבער נאַכט דורך דער הינטער-טיר... סטאַיעט אויף אַלץ.

— זאָג דער מאַמען, אַז עס האָט איר געמעגט שטיין דאָס מויל פון הינטן.

— זאָג דער מאַמען, אַז עס זאָל איר וואַרפן הייזער הויך.

קינדער זענען דאָך נישט מער ווי קינדער, גייט מען און מען זאָגט אָפּ, וואָרט אין וואָרט, וואָס די מאַמע האָט געהייסן.

גיט מען אַ פּראַל אויף דאָס פענצטער, מען פאַרקאַטשעט די אַרבל, און מען שיסט אַדורך איבערן הויף אַריבער אַ שטעכיק וואָרט, אַז עס זאָל פאַרגיין אין זיבעטן ריפּ.

שיסט מען צוריק מיט פּראָצענט.

לייגט יענער צו אַ קללה.

דערהיצט מען זיך, הייבט מען אָן שפּייען פון כעס און מען רעכנט אויס, וואָס אין דער קאָרט.

פאַרלייגט די צווייטע די הענט אויפן האַרצן, בייגט אָן דעם קאָפּ אַביסל אָן אַ זייט, הערט אויס ביזן סוף און הייבט אָן צאָלן מיט קליין-געלט במזומנים.

פאַלט די ערשטע אַריין אין מיטן. וויל מען איינע די אַנ-דערע איבערשרייען. טייטלט מען מיט די פינגער, און מען קנייפּט זיך די באַקן.

וואַקסן אויס די מענער הינטער די ווייבער, פּאַכען מיט די פויסטן פונדערווייטנס און וואַרפן זיך צו די טירן.

דאָס לאָזן שוין די ווייבער נישט און פאַרשטעלן זיי דעם וועג.

אַמפּערט זיך מאַן מיט ווייב. קינדער שרעקן זיך און מאַכן גוואַלדן ביזן הימל.

און ווען נישט די שכנים זאָלן פון דרויסן די טירן פאַר-שפּאַרן, ווער ווייסט, צו וואָס עס וואָלט געקומען.

ווארשע 1910

## אַ ווינטער-אַרויספאָר

(אַ ליד אין פּראָזע)

אין אַ שטילע פראָסטיקע ווינטער נאַכט בין איך צו איר פענצטער צוגעפאָרן, אָנגעקלאַפּט און געזאָגט:

קום, דו שיינעס קינד, די נאַכט איז זויבער-קלאָר, ווי דיין אַלבאַסטער-לייב, שטאַרק איז זי ווי דיין שטאָלץ, ווייס איז זי ווי דיינע געציילטע פּערל-ציין. ברייט זענען די הימלען, בלוי און טיף, ווי דיינע טויבן-אויגן, און די שטערן רייצן און גלעטן, ווי דער שמייכל דיינער.

פלינק זענען די פערד, יונג, בייז און אומגעדולדיק, קרעפטיק איז דער אָנטרייבער, שוואַרץ און ברייט-פּלייצעדיק, גלאַט איז דער שליטן, שאַרף זענען די פּאָדקאָוועס מיט טאָפּל-קעלזעס זענען די צוימען, מיט אַ הימל-בלויע נעץ האָב איך די פערד איבערגעדעקט, פון ווייסע בערן אַ פוטער האָב איך דיר צו די פיס צוגעגרייט.

אָט זעץ זיך דאָ ביי דער רעכטער זייט, פעסט האַלט זיך אָן מיר, מיט מיין רעכטער האַנט אָרעם איך דיר אַרום.

פאָר, שוועב! וווהין די אויגן טראָגן, וווהין די פערד ציען, ווו אָן אַ מאָס איז דאָס ווייט, ווו ערד מיט הימל קושן זיך, ווו אַלץ איז יום-טובדיק, ווו אַלץ איז נאָר פאַר אונז, ווו די לבנה שווימט שמייכלענדיק, ווו פראָסט שפּאַלט די ערד, ווו פראָסט מיט ווינט שטיפן, שטרייטן צווישן זיך, ווער וועט וועמען איבעריאָגן, ווער וועט וועמען איבערשטייגן

מוטיק האָבן די פערד געריררט — אַ ציטער האָט געטון די לופּט, ווי אַ בליץ איז דער שליטן אַדורך. פונקען האָבן זיך צעשאָטן פון אונטער די פּאָדקאָוועס. שטייף האָט דער אָנטרייבער די לייצעס צונויפגענומען, דעם בליק שאַרף געמאַכט — די שטאָט איז הינטער אונז.

און די ווייסקייט האָט אונז אַרומגענומען. אַלץ אָטעמט מיט ווייסן שטאָל. און ברייט און טיף איז אַרום, אַז דאָס אויג פאַרכאַפּט נישט. עס שווינדלט פאַר די אויגן דער ווייסער גלאַנץ און עס דרייט זיך דער קאָפּ פון דער ווייסער שטייפקייט.

שטיל איז אַרום און ווייס-סודותדיק, און פאַרגאַפּט שטייען ווייסע ביימלעך, וואַרטן אויף די שטילע ווייסע מעשהלעך, וואָס דער ווינט וועט פון ערגעץ מיטברענגען, גיבן עס איבער איינער דעם צווייטן, צעגיסן זיך אין אַ ווייס שעפּטשען — ביזן טיפן וואַלד אַריין.

און ערד מיט הימל שפּילן זיך אין אַ ווייס-בלויע שפּיל, און שנייצלעך גלאַנצן שטערנדיק, און שטערן פינקלען שניידיק, און שניי מיט שטערן קוקן זיך איבער געגנזייטיק — ווי אַפּאָר גלייכע, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט.

העלדיש קלינגט אָפּ אין דער שטילקייט דאָס כראַפּעריי פון די פערד, ווי זיי וואָלטן דער שטייפער נאַכט אויף אַ געראַנגל אַרויסגערופן.

היי, דו שטומע בייזע העלדין! זאָלן בליצן די שווערדן, זאָל דונערן די שלאַכט און זאָל דער ווייסער שניי מיט הייסן בלוט פאַרפאַרבט ווערן!

דרייסט טרעטן זיי די האַרטער ערד, רייסן שטיקער אַרויס, מאַכן דערפון בריליאַנטן-פונקען און באַשיטן אונז.

דער פאַרשייטער דין-דין פון די גלעקלעך צעגיסט זיך ווייט אַרום, צעטראָגט אין דער ווייטער נאַכט אַ בשורה פון לעבן און הייס בלוט.

אַלץ האָט דעם אָטעם איינגעהאַלטן און הערט זיך איין אין דער בשורה.

די שטערנדלעך האָבן אויף אַ מינוט איבערגעריסן דאָס

פּלאַפּלען צווישן זיך. איינס וויל אַראָפּפאַלן, פֿאַרגאַפּט זיך עס, הערט זיך איין צום קלינגען, ביז מ׳פאָרט פאַרביי — און פאַלט אַראָפּ...

*

ציטער נישט, קינד, איך בין מיט דיר, איך האַלט דיך פעסט. דיין שטערן אין הימל לייכט העל. זע ווי דיינע בעקלעך האָבן זיך צעפלאַמט, ווי שיין דו ביסט געוואָרן, ווי כישופדיק דיינע אויגן גלאַנצן, ווי שטאַרק דיין האַרץ קלאַפּט...

כאַ־כאַ־כאַ! נאָר זע בעסער ווי די וואָנסן האָבן זיך ביי מיר באַדעקט מיט ווייס, ווי די פערד זענען פון שוואַרץ גרוי גע־וואָרן, ווי אַ לייכטער טוי, ווי אַ שלייער טראָגט זיך איבער זיי.

דו ביסט שוין מיד, קינד? צופיל שיינקייט אין איין נאַכט. דו שלעפערסט איין? — שפּאַר אָן דיין קעפּל אויף מיין אַקסל, אָט אַזוי.

פאַרמאַכסט די אויגן? — אַ שאָד. די שטערן בענקען נאָך זיי, די לבנה גייט אויס נאָך דיינעם אַ בליק.

דו ווילסט אַהיים? — אָט הייס איך צוריקפאָרן, נאָר שרעק זיך נישט, מיר קערן נישט אויס. איך האַלט דיך פעסט— איך הער דיין האַרץ קלאַפּן.

אָט פאָרן מיר שוין צוריק. עס דרייט זיך דיר דער קאָפּ? צו שטאַרק געפאָרן זענען מיר? — איך הייס שטילער פאָרן.

דו זעסט ווי די פערד טויען? ווי אַ גרויער וואָלקן טראָגט זיך איבער זיי, ווי הויך זיי האָבן אָפּגעאָטעמט, ווי פריי־לעך זיי האָבן זיך צעהירשעט. אַ היים־ריח האָט זיך צו זיי דערטראָגן.

ווי שטיל די גלעקלעך קלינגען, ווי זיי וואָלטן דיך וועלן איינוויגן און זינגען דיר אַ ווייך קינדיש לידל. און די ביי־מעלעך קוקן דיר נאָך, באַגלייטן דיך, און נייגן זיך לייכט, לייכט צום געזעגענען.

עס גרויט שוין אויף טאָג. עס לעשן די שטערן. אָט איז נאָר איינס געבליבן. זע ווי עלנט עס זעט אויס.

אָט איז שוין די שטאָט. ווי שטיל די פערד פאָרן, ווי שווער זיי האָבן אָפּגעאָטעמט. ווי דער אָנטרייבער איז איינ-געשלאָפן.

און אָט איז דאָך די שטוב. דו זעסט ווי די לבנה מיט דעם מאַט-געלן פּנים גייט דיר נאָך, האָט זיך אָפּגעשטעלט, איבערן דאַך קוקט זי צו דיר אַריבער, שמייכלט און ווינטשט דיר אַ קינדערש הייליקן שלאָף.

וואַרשע — אדר תרס"ז

# חורבות

אויף די חורבות פון אַ קעניגלעכן שלאָס בין איך געשטאַנען.
שטומע מצבות אויף דעם געוועזענעם.

אַלטע פון דער צייט רואינירטע ריזן־מויער האָט דער ווינט אומרחמנותדיק פון דער הויך אַראָפּגעפּליקט, מיט דעם רעגן געשוועקט און דעם דורכגייער פאַר די פיס געשפּרייט.

שוואַרץ־אָפּגעשיילטע פּאַלאַצן־ווענט, מיט טיפע אונטער־געבראָכענע שפּאַלטן, ווי אָפענע מיילער פון אָפּגרונט.

שטומע פענצטער־לעכער, ווי אויסגערונענע אויגן, קוקן שטום און רוימען איין — דערציילן עפּעס ווי פון יענער וועלט: געווען אַמאָל אַ צייט.

מלכים האָבן דאָ מיט מאַכט רעגירט — לעבן און טויט אויף זייער שפּיץ צונג.

העלדן האָבן דאָ גליק־חלומות פאַרן פאָלק געוועבט...

אין אַ שלאַכט האָט דער מלך פאַרן כבוד פון לאַנד — זיין שטאָלצן קאָפּ צו דער ערד גענידערט.

די העלדין האָט דער שונא צום שעכטן געקניט.

די ווייבער לויט אַ גורל — צווישן די זיגער געטיילט.

אין פּאַלאַץ — פאַר די פערד צו שטאַל געמאַכט.

שוין לאַנג, זייער לאַנג איז עס איז געווען.

אַ ציגל נאָך אַ ציגל, אַן שטיין נאָך אַ שטיין האָט די צייט געפּליקט. דער ווינט האָט פון אַ לעבעדיק לאַנד גרוסן געפירט, זוימען פון גראָז און פעלד־בלומען צווישן די שטיינער פאַרטראָגן. די געטרייע הימלען האָבן רעגן געבראַכט, די האַר־טע שטיינער פרוכטבאַר געמאַכט, און שוין לאַנג האָבן זיך די חורבות מיט ווילדע גראָזן און קליינע פעלד־בלימלעך באַדעקט.

עלנדע שטייגן אויף דעם באַרג — מיט זייער אומעט אַליין צו בלייבן.

געליבטע רייסן אַרויס פון ישוב זייער ביסל גליק — זיי זאָלן אים דאָ אַליין פאַר זיך פאַרצערן.

און טעג יאָגן טעג. יאָרן שלינגען יאָרן ביז דער לעצטער שטיין וועט זיך דעם ווינט אונטערגעבן און אַ מידער וואַנדערער וועט אויף אים זיין מידן קאָפּ צושפּאַרן.

אויבן, איבער די חורבות, האָבן זיך קלאָרע, בלוי־טיפע הימלען געצויגן. די אַלטע און שטענדיק נייע הימלען און יעדן טאָג — טאָג אויף טאָג, ווען די זון האַלט ביי אונטערגיין, לאָזט זי זיך דאָ אַראָפּ אויף יענער זייט באַרג, שלאָגט אָן אירע לעצטע שטראַלן אין די רעשטן פון שלאָס, באַגיסט אים מיט אַ גוססדיקע שיין און פאַרגייט.

צופוסנס פון באַרג האָט אַ קלאָר טייכל פאַר זיך אַ וועג אַדורכגעשניטן, דאָס שטענדיק־פליסנדיקע קרישטאָל־וואַסערל, וואָס האָט זיך ווען אַמאָל ערגעץ־ווו אָפּגעריסן, און אָן אויפ־הער, ווי טאָג, אַזוי נאַכט, מיט אַ שטילן גערויש ווי געמורמלט אין שלאָף — דעם צופוסנט פון באַרג געגלעט, געקושט, און אין דער ווייטער וועלט אַוועק.

אין דעם קלאָרן וואַסערל האָבן זיך די אַלטע, נייע הימלען, די ווייסע פוכיקע וואָלקנדלעך. געבאָדן אין זיך, אָפּ־געטונקט. און די אַלטע חורבות האָבן זיך אין זיי איינגעשפּיגלט, זייערס אַ גלייכן געפונען, מיט אַ שמערצלעכע בענקשאַפט זיך אי־בערגעקוקט און ווידער פאַרזונקען אין שווייגן.

דאָס וואַסערל האָט דעם שווערן בענקען, דעם שטומען

שמערץ אויף זיין רוקן אַרויפגעכאַפּט. זיך אַוועקגעלאָזן דערמיט אין דער וועלט, און דורשטיקע פעלדער און גערטנער מיט אוּמעט און בענקען אָנגעטרונקען.

*

צופוסנס צווישן באַרג און טייכל, אין דער מיט צווישן הימל און וואַסער, האָבן מענטשן פאַר זיך נעסטן געבויט, אין דעם האַרץ פון באַרג לעכער געהאַקט, ליים מיט ציגל פון ערגעץ געבראַכט, דעכער איבער דעכער געהויבן, נאָרעס אויסגעבעט פאַר זיך, פאַר ווייב און קינד.

אין דער נידער דערציילט מען אַ סך לעגענדן פון שלאָס.

שוועסטער שלעפּערן איין זייערע קליינע ברידערלעך מיט אַלטע שלאָס-מעשהלעך.

גרעסערע קינדער שרעקט דער שלאָס, און ווען אַ קינד וויינט וויזט מען אים איבער די דעכער אַרויף, שטילט ער איין.

און גאָר די אַלטע רייסן זייערע אויסגעלאָשענע אויגן אַרויף, צו בינדן זייער זכרונות-קניילכל, שאָקלען הכנעהדיק מיטן קאָפּ און שווייגן.

*

פאַרנאַכט. די זון האָט באַרג און חורבות אין אַ שלייער פון בענקשאַפט איינגעהילט, זיך געזעגנט, אַראָפּגעלאָזן צו זייער צופוסנס. אַ לעצטער ראָזאָווער שטראַל האָט זיך אין אַ קליין שיפעלע אָנגעשלאָגן, וועלכע האָט זיך אויף דעם צווישן טאָג- און נאַכט-וואַסערל געגליטשט, אַזוי רויק ווי דורך אַ חלום.

האָבן זיך פאַרליבטע פנימער מיט איר לעצטער פורפור באַגאָסן. די אויגן צוגעמאַכט, ליפּן צו ליפּן צוגעטראָגן, און ווען זיי האָבן די אויגן צוריקגעעפנט, איז שוין טאָג אין נאַכט אַריין פאַרגאַנגען.

בענדין, מאַי, 1908

# אלול

דער זומער איז רייף געוואָרן. דאָס שטיפערישע קינד איז אין אַ דערוואַקסן רייפן מאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן, דערנאָך אין אַ קאַלטן רויקן אַלטן. און שפּעטער איז ער צום גרויען האַרבסט ציגעגאַנגען פאַר אים זיין חשבון-הנפש צו מאַכן, אָפּזאָגן ווידוי און פאַרשווינדן אין ווינטער.

דער השבון איז אַ קורצער — פרילינגס-בלומען זענען שוין לאַנג פאַרוועלקט. אַ בלייך מיידל געהילט אין אַ טוך האָט אין אַ בוך געמישט און האָט זיך אויף אַ טרוקענע בלום אָנגעשטויסן, האָט זי אין האַנט גענומען און זיך לאַנג פאַרטראַכט איבער איר.

— נאַ, קוק, אַלץ פאַרוועלקט... און די האַנט, וואָס האָט עס געגעבן, — ווער ווייסט?

ווײַנשל זענען שוין אין די גענשערס מיט בראָנפן אָנגעגאָסן. פון אַגרעסן און פלוימען איז געוואָרן פאָווידלע. פון עפּל און באַרן איז שוין באַלד אין די גערטנער נישטאָ קיין זכר.

ווו-נישט-ווו איז נאָך פאַרבליבן אַ נאַרישער ווינטער-עפּל-בוים. חוזקן פון אים די ליידיקע און באַשיטן אים מיט געלע בלעטער.

היי האָט מען היי-יאָר שלעכט אָראָפּגענומען — צופיל רעגנס געווען. תבואות זענען שוין אין די שייערן — וועלכע ערגער, וועלכע בעסער, קיינער איז אין דעם נישט שולדיק.

פון די פעלדער און וועלדער האָט דער האַרבסט - אומעט אין שטאָט געשטיגן, אַ „לדוד-אורי"-ניגונדל מיט זיך מיטגעבראַכט. נאָכן דאַווענען איז אין שול מיטאַמאָל מאָדנע שטיל געוואָרן. אַלע זענען שטיל געבליבן און געוואַרט. און באַלד האָט זיך פון שופר אַ האַרטע תקיעה אַרויסגעריסן. מיט געוואַלד אַרויס-געריסן. אַ היפּשע ווײַלע האָט זי זיך איבערן מקום-קדוש אַרומגעטראָגן.

יאָ, יאָ, די צײַט גייט איר גאַנג. דער יום-הדין איז נאָענט און אַלץ ווערט געבראַכט צו אַ חשבון.

יידן ציטערן פאַרן יום-הדין, ווי שאָף אין אַ שטורעמווינט. האָבן די קעפּ געניידערט, דאָס האַרץ געבראָכן און אויף די ליפּן אַ כתיבה-וחתימה-טובה. מען נעמט אויף זיך אַ תשובה — אַן איבעריקן קאַפּיטל תהילים, אַ צדקה בסתר — געלאָזן זיך פאַר-פירן, אַ שפּאַס, שיינע זומערדיקע טעג, וואַרעמע אויסגע-שטערנטע נעכט. נו, איז וואָס?

ווײַבער רעדן פון אַ גוט יאָר און אַ גוט קוויטל. מען מאַכט אַ נעבעך-פּנים: — נאַ זע, קוק מיך אָן, ווער און וואָס בין איך? ווייס איך וואָס, אַ יידענע, אַ צעבראָכענער שאַרבן, אַלץ בײַ דיר אין האַנט.



סוף אלול. דאָס לעצטע קרויט און די לעצטע קאַרטאָפל איז שוין פון פעלד אין שפּייכלער אַרײַן, און דאָס פעלד אין שוין פון ווינטער אָנגעטרויט.

ערגעץ-ווו האָט זיך אַ וואָלף פון וואַלד אַרויסגעריסן, איבער די פעלדער זיך אַדורכגעטראָגן, די שטומע נאַכט מיט צפֿאַר בליצן אַדורכגעשניטן און איבער דער וועלט אַ ווינטער-בשורה צעטראָגן.

דאָס שטעטל האַט זיך אין טאָפּלטע פענצטער פאַרמאַכט, טיר און טויער פאַרשמירט; קינדער אין די הייזער אַרײַנגע-כאַפּט, און די העלזלעך מיט שאַלעכלעך פאַרבונדן

די טשערעדע קערט אַהיים אַ שטיק אין טאָג אַרײַן, זיי זאָלן אין נעפּל נישט פאַרלוירן גיין. היגער נעמט מען צונויף

אין מיטן טאָג, מען ציילט אויס און אין שטוב אַריינגענומען.

יידן סוחרים, וואָס פאָרן אויף ירידין, קלויבן זיך צונויף אין קאָמפּאַניעס, מען צינדט-אָן די גרויסע הילצערנע לאַמטערנעס, מען וואַרפט גורל, ווער עס זאָל דער ערשטער אַרויספאָרן, און מען לאָזט זיך אויף גאָטס באַראָט. פור מיט פור רופן זיך איבער:

— הו! — האָ! יידן שלאָפט נישט! אַ גראָבן! האַלט גלייך! לינקס! רעכטס און ווידער גלייך!

יידן ציען אין גאָטס הויז נאָך מיט נאַכט. אַ פּאַרוואַלגערטער וואַטאָווער לייבל פון בוידעם אַראָפּ און אַן אַלט שאַלכל אויפן האַלז. שטיל מיט גענידערטע קעפּ און מיט אַ שוואַכן טראָט, ווי מען וואָלט נישט געוואָלט גאָט-ברוך-הוא דערגרוזענען.

*

די נאַכט פון „זכור-ברית"—קאַלט, פינצטער און רעגנדיק.

יידן סוחרים איילן אויף דער נאַכט אַהיים אָנציען. אַ פאַרשפּעטיקטער סאַדאָווניק האָט די לעצטע פּאָר עפּל אָפּגעקלאַפּט און איז קוים מיטן לעבן אַהיימגעקומען. ישובניקעס ציען אין שטאָט צו זיין מיט יידן צוזאַמען. האָבן די פערד פון די וועגן אויסגעשפּאַנט. אַ יום-טובדיקע קאַפּאָטע און אַ יידיש פּנים אויף זיך אַרויפגעצויגן.

אין די שולן איז ליכטיק, אַלע לאָמפּן אין פולן ליכט. און אַ סליחות-שיין גיסט זיך פון די פענצטער אין דער נאַכט אַריין מיט אַ רוף:

— יידן, אַהער צו מיר!

זינדיקע מענטשן האָבן זיך צו דער ליכט געצויגן און נאָכן רוף געקומען. די הערצער זענען פול: — טאַטע-פאָטער, זכור לנו ברית אבות. מיר זענען קליין, זינדיק, דיין גענאָד נישט פאַרדינט, דיין נאָמען נישט ווערט אָנצורופן. טו צוליב דעם זכות פון די אבות: אברהם, יצחק, יעקב, משה, דניאל אין לייבן-גרוב.

דער זומער — דאָרף און שטאָט, מענטשן און געוויקסן זענען געקומען אָפּגעבן זייער חשבון-הנפש.

# ערב־שבת

אַלע זעקס טעג פון דער וואָך ווערן געשפּייזט צוליב דעם ליבן שבת־קודש, נאָר דער פרייטיק איז אינגאַנצן משועבד, צוגעבונדן צו אים — אָנגרייטן, שבת־מאַכן, זיך אָפּוואַשן, אָנטאָן, זיך אויספּוצן און זיין גרייט צו מקבל־זיין דעם שיינעם גאַסט...

דער פרייטיק אַליין פאַר זיך איז אַ טפל — אַ ביס, אַ כאַפּ, אַ שטיקל מזונותל אומגעוואַשן, אַביסל שבתדיקע צימעס, פאַרנאַכט עסט מען שוין נישט, עס איז נישט כדאַי. אויף דער נאַכט וואַרט די ערשטע שבתדיקע סעודה.

דאָס גאַנצע חשיבות זיינע איז וואָס מען מאַכט אין אים שבת, וואָס ער איז דער ערב־שבת. עפּעס אויסגעמישט האַלב־שבת, האַלב־וואָך. די וואָך רוקט זיך אָפּ ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, און דער שבת קומט אָן און פאַרנעמט זיין פּלאַץ...

ווער ווייסט וואָס פאַר אַ פּנים ער וואָלט געהאַט, ווען עס זאָל באַלד נאָך אים נישט קומען דער שבת.

פאַרנאַכט פילט מען זיך שוין כמעט ווי שבתדיק. אַדורכגעגאַנגען דעם פּרוזדור און מ'איז שוין באַלד אין טרקלין. בנות־מלכים, בני־מלכים, שיינענדיקע שבתדיקע פּנימער, זייבער־קלאָרע בלוזעס, אַ ריינעם קראַגן, אָפּגעפּוצטע שיך, מען שטעלט זיך אין אַ פענצטער, מען גייט אַרויס פאַר דער טיר.

עס בענקט זיך צו דער שטילער בלויער נאַכט, צום שיין פון די בענטש-ליכט, וואָס צעגיסט זיך איבערן שטעטל, און אין דער ווייכער, קילער, אויסגעשטערנטער נאַכט...

*

די ערב-שבתדיקע זון הויבט זיך אָן אַראָפּלאָזן, אַראָפּ צום מערב-זייט. און פון מזרח שווימט אַ גרויסע שיינע האַלב-חודש-לבנה, ווי אַ ניי-געבוירן קינד. עס באַגעגענען זיך אויף די האַלב-שבתדיקע, האַלב-וואָכעדיקע הימלען די שבתדיקע לבנה מיט דער וואָכעדיקער זון.

די זון פאַרשעמט זיך, פאַרוואָס זי איז נאָך אין וואָכנדיקן, פאַלט איר איין דאָס בלוט אין פנים. זוכט זי אַ וועג, זיך אַרויס-כאַפּן, באַהאַלט זיך הינטער די הויכע טאָפּאָליעס פון דער גרעבלע, לאָזט זיך אַראָפּ אַלעמאָל נידעריקער... אַ לעצטער בליק דורך די צווייגן און זי איז שוין נישטאָ.

צעגיסט זיך אין אַ פאַרדריסלעכער בענקשאַפט. אַלץ האָב איך צוגעגרייט — געקאָכט, געבאַקן — און אַז עס קומט צו דער שמחה הייסט מען מיר אוועקגיין...

— — — — — — — — — — — —

אַ קליין, אַלט איינגעהויקערט בית-המדרשל, באַלויכטן מיט יאָרצייט-ליכט. די פענצטער זענען אָפן צום שול-הויף. עס הערט זיך אַן אומעטיקער דריי-וואָכעדיקער „לכה-דודי"-ניגונדל, האַלב דרייסט, האַלב שעמעוודיק, ווי מען וואָלט זיך געשעמט פאַר דער שיינער שבת-מלכתא, אין דעם נאָך-האַלב-וואָכעדיקן פנים פון דער וואָכעדיקער מנחה.

דאָס ניגונדל כאַפּט זיך אַדורך דורכן פענצטער, צעטראָגט זיך איבערן שטעטל. ווייבער דערהערן, רייבן איבער די פינגער מיט אַביסל זאַמד און זאָגן מיט:

— בואי כלה, בואי כלה.

ערגעץ אַ בוימל האָט דעם ניגון פאַרנומען, גיט אים איי-בער דעם צווייטן, דעם דריטן ווי אַ שטילן סוד, ביז צו דער גרעבליע צו. חזרן אים איין, ווייסן אים שוין באַלד אויף אויס-ווייניק און זינגען שטיל מיט...

עס הערט זיך דער קידוש־השבת פון די הייזער. יעדער שטוב איז אַ מלוכה פאַר זיך. צעגיסט איר שיין דורכן פענצטער איבער גאַס, ווי זי וואָלט זיך באַרימט: זעט, ווי שיין בײַ מיר איז שבת געמאַכט.

אַ ריין-געדעקטער טיש, מיט לחם־משנה, די בענטש־ליכט און די ריין-אויסגעשייערטע לייכטער, שבת אין דער נשמה און די שכינה אין שטוב...

עס זינגט ווער אויס אַ ניגונדל אַזוי לייכט, ווייך, ווי ער וואָלט זיך בעטן: נעם מיין קאָפּ אין שויס, קוש, גלעט זיידן-ווייך און פאַרזיכטיק.

עס צעטראָגט זיך איבערן גאַס, הינטערן שטאָט, אויף דער לאָנקע, צו דער גרעבליע, צעוויגט די הויכע טאָפּאָליעס, כאַפּט זיך אַרויף אויף דעם וואָקלדיקן קאָרן, צעהוידעט זיך אי־בער די ווייכע לייכט־פליסנדיקע זאַנגען־כוואַליעס און וויגט זיך אַזוי לאַנג הין־און־צוריק, ביז ער שלאָפט איין...

———————

די ערשטע שבתדיקע סעודה איז געענדיקט.

איבערן שטעטל צעגיסט זיך אַ מידע זיסקייט, אַ געשמאַ־קער ווייכער דרימל. די גראָשענע ליכטלעך הייבן אָן צאַנקען און לעשן זיך אויס.

שטיל איז אין גאַס. עס שווימט נאָר אַרום די שבתדיקע לבנה מיט אַ ליכטיק מלכותדיק פּנים — ווייך, לייכט, בנעימותדיק ווי אויפן רוקן פון אַ שטיל, שטיל וואַסערל. כאַפּט זיך אַדורך אַ וואָלקנדל, באַהאַלט זיך און איז ווידער דאָ — מעשה קונדאַס, אין גאַנצן נאָר אַ שטיף. פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך דער סעודה גיט זי אַ רוף די שטערנדלעך:

— חברה, קומט זען ווי דאָס שטעטל האָט געמאַכט שבת.

די הייזלעך זענען איינגעשלאָפן. נאָר זי איינע איז וואַך. און די נאַכט וואַרפט אַ בליק אויף דעם איינגעשלאָפענעם שטעטל.

פון ערגעץ־ווו גנבעט זיך אַרויס אַ ייִנגל. פאַרזיכטיק קומט ער צו אַ פענצטער, אַ קלאַפּ אין שויב — איינס, צוויי, ווי אָפּ־גערעדט.

באַלד ווייזט זיך אַ בלאַס מיידל אין אַ טוך איינגעוויקלט. נעמען זיך אָן ביי די הענט, ווי קליינע קינדער, גייען שטיל אַדורך די גאַס, און ווערן באַלד אַנטרינען אין שאָטן פון אַ געדיכטן בוים.

אין דער לופט פון שטעטל קלינגט אָפּ אַ ווידערקול פון אַ שבתדיקן קוש...

וואַרשע 1907

## אַ שטעטל

קליינע הייזלעך פון ברייטע דעמבעס באַוואַקסן מיט מאָך.
דריי קלעצער אַ וואַנט — אַמאָל איז מען גיבורים געווען און אַרום אַלטע וועלדער נישט אַדורך צו גיין — אין דער אויבער־שטער קלאָץ אַ קליין לעקען־פענצטערל געשטעלט אין דער קאָס און באַהאַלטן אונטער דער סטריכע פון אַלטן שטרויענעם דאַך.

דאָס פענצטערל מיט דער סטריכע קוקן זיך איבער, כאָפּט אַמאָל דאָס פאַרקרימטע שייבל אַ זונען־שטראַל, צעגיסט זי אים אין רעגנבויגן־קאָלירן און גיט עס איבער דער סטריכע, די סטריכע האָט אָבער איידלקייט און שיקט עס צוריק, צעטיילט מען זיך גלייך אויף גלייך און מ'איז צופרידן.

אַלטע מענטשן געדענקען אַזוי דאָס שטעטל ווען זיי זענען נאָך קינדער געווען. זייערע זיידעס האָבן אויך אַזוי דערציילט.
קיין נייעס קומט נישט צו. וואַקסט וואַקסן נאָר דער בית־עולם.

געזונטע מיידלעך גייען אַוועק דינען אין דער פרעמד, טון דאָרט שידוכים און פאַרבלייבן.

בחורים וואָס טויגן גייען אין די זעלנער און ווילן נישט מער צוריקקערן.

אין שטעטל פאַרבלייבן—ווייסע בילעטן, בלויע בילעטן, אַ קצר־ראיה, אַ שבר, לא עלינו, אַ שוואַך הארץ, אַביסל צוגעמאָרע־טע — טוט מען אַ היימישן שידוך, אַן אַלקער צום ווינגען, אַפּאָר יאָר קעסט ביז מען ווערט אַליין טאַטע־מאַמע, מען האָדעוועט

אונטער, וועלכע מען צעשיקט אין דער וועלט, וועלכע מען מאַכט חתונה און מען טרעט ווידע' אָפּ דעם אַלקער פאַר דעם יונג פאָר-פאָלק.

*

זומער איז גאָטס וועלט אָפּן. מיט דעם ערשטן זוניקן טאָג, וואָס אויף מאָרגן נאָך פּסח, נאָכדעם ווי מען האָט די פּסחדיקע כּלים אַרויפגעטראָגן און איינגעשטעלט אויפן בוידעם, די פּסחדיקע געסט פון שטעטל אַרויסבאַגלייט — דעם בחור צו די זעלנער, דאָס מיידל אויף דער שטעל, דעם טאַטן, וואָס „קושט די מזוזות", איבער דער מדינה — האָט דאָס שטעטל פאַרלאָזן די קליינע הייזלעך און זיך באַזעצט אונטער גאָטס הימל.

אין גערטל האָט דער באָדן צוגעטרוקנט. און עס איז געקומען די צייט פאַר די ציבעלע, רעטעך, חודש-רעטעכלעך, ריב און באָטווינע.

דער קאַרשן-בוים האָט בלעטלעך געשלאָגן און רופט אין דרויסן מען זאָל צובינדן אַ צווייג און פאַררייכטן אַ צוים.

ווער עס האָט אַ מאָרג הינטערן שטאָט, נעמט מיט אַ שטיקל ברויט, אַ לאַדישקע זויער-מילך און פאַרלאָזט די שטוב אויף אַ גאַנצן טאָג.

בלייבן אַרום שטוב אַלטיטשקע: ווער מיט אַ זאָק אין האַנט און ווער מיט אַ פּרק-משניות און אַ קאַפּיטל תהילים אין מויל. זיצן אויף דער פריזבע היטן די שטוב פאַרן חזיר און דעם גאָרטן פון דער וואָרנע.

סאַדאָווניקעס האָבן זיך באַזעצט אין ביידל אויף אַ גאַנצן זומער. אַ מלבוש אויף ביינאַכט און אַ ספר אַריינצוקוקן אויף בייטאָג.

קליינע מיידלעך גייען אַרויס אין אַ נאָענטן וועלדל קלויבן אַ יאַגאָדע און אויסזוכן אַ באַראָווקע.

מלמדים האָבן זיך דעם יצר-הרע נאָכגעגעבן און זיך באַזעצט מיט די קינדער אונטער אַ שאָטנדיקן בוים. אין די שולן זענען פענצטער פראַנק, וועלכע זענען אויסגעבראָכן און וועלכע עס פאַרמאַכן זיך נישט. און דערהערט זיך אַ קדושה פון די-

בענטשער אַרויס, וואַרפט אַוועק דער שוסטער דעם אָל, דער שניידער די שער, דער גערטנער דער גראָבאייזן, די יידענע בלייבט שטיין מיטן מעלק-שעפעלע, און מען שפרונגט — קדוש, קדוש, קדוש!...

אין אַ זונטיקדיקן פֿאַרטאָג טרעפֿן זיך הינטערן שטאָט צוויי יידן דאָרפֿס-גייער, געטראָפֿן, וווּנדערט מען זיך:

— וואָס עפּעס אַזוי פֿרי?

— און דו וואָס אַזוי פֿרי?

— איך גיי נישט אין דיינע וועגן.

— איך גיי קיין רושאָווע.

— און איך קיין כאַמישניק.

— מאַכן מיר אפשר שותפות?

— מיינעטוועגן.

וואַרט מען אַביסל ביז מען קען דערקענען אַ וואָלף פֿון אַ הונט, מען לייגט טלית און תפילין, מ׳בייסט צו פֿון זעקעלע, מען מאַכט אַ תקיעת-כּף, מען נעמט-אַריין גאָט פֿאַר אַ דריטן שותף און מען לאָזט זיך גיין ראַש, די שטיוול אויף די פּליי-צעס — ביז פֿרייטיק צום מרחץ.

ווינטער איז גאָטס וועלט אָפּגעשלאָסן. דאָס ביסל מחיה פֿאַרן שטוב האָט מען סוף זומער צוזאַמען מיט אַ הוסטעדיקע קינד אין שטוב אַריינגענומען — אַביסל קאַרטאָפֿל מיט אַ בוראַק אין גרוב אונטערן אויוון, אַ בעבל, אַ קרויט און אַ זויערע אוגערקע אין שפּייכלער, אַביסל היי פֿאַר דער בהמה אויפֿן בוידעם.

שטייען זיך הייזלעך מיט שנייענע מיצלעך, ווי פֿאַרגעסענע סטייגלעך היי אין פֿעלד, אַרומגערינגלט מיט אַ שניי-באַרג, איינ-געהילט אין לאַנגע נעכט און קורצע טעג.

ווען דער שפּעטיקער טאָג הויבט אָן אַרויסקריכן פֿון הינטערן באַרג שניי, געפֿינט ער דאָס שטעטל אונטער די אי-בערדעקן, וואַכעדיק און פֿויל ביז עס דערהערט זיך אַ „מו״ פֿון שטאַל — די בהמה רופֿט און מאָנט איר מחיה.

וואַרפט מען אַרויף דעם ווייבס פּאַרטשיילע אויפן קאָפּ, פאַרבונדן הינטן מיט אַ קנופּ, אַפּאָר זאָקן אויף די הענט, אַנגע־טרונקען די בהמה, פאַרלייגט היי אויף אַ גאַנצן טאָג, אַריינגע־כאַפּט פאַרן שטוב אַן עמער וואַסער און אַפּאָר שייט האָלץ און מ׳איז צוריק אין שטוב.

קומט אַרויף די זון העכער אויפן הימל, טראָגט מען אַוועק אויף די אַקסלען אַ יינגל אין חדר, ער זאָל זיך אין שניי נישט דערטאָפּיען און מען כאַפּט זיך אַריבער אין שול אַריין צום דאַוונען—און גלייך צום אויוון.

שטייען יידן אַרום אויוון אין טליתים און תּפילין, ווי אַ צוזאַמענגעדריקטע סטאַדע שאָף. קען זיך ווער נישט דערשפּאַרן צום אויוון, ציט ער אַריבער אַ האַנט איבער קעפּ און ציט דאָס ביסל וואַרימקייט דורך די שפּיץ פינגער. אין גאַנצן געפרוירע־נעם חלל פון מקום־קדוש געפינט זיך איין ייד — דער שליח־ציבור — ווי מען וואָלט אים מפקיר געווען פאַר כלל־ישראל.

קליינע יינגלעך און גרעסערע מיידלעך, וואָס זענען אין שטוב געבליבן, האָבן זיך אויף אַ באַנק פאַרן פענצטער אויס־געשטעלט, הוקן אויף דער פאַרפרוירענער שויב, וואַרימען אויס אַ שטיקל, ווי דער גרויס פון אַן אויג און קוקן מיט איין אויג אַרויס צום דרויסן, צום ווייסן חזיר— די איינציקע באַשעפעניש, וואָס שפּאַצירט אַרום איבער דער יידישער גאַס, און דער שוואַר־צער קראַ, וואָס רייט ביים חזיר אויפן רוקן און זאָגט אָן דער וועלט אַ זוניק־קאַלטן טאָג:

— ק—ר—אַ! ק—ר—אַ!

ציען זיך איבערן שטעטל אין דעם שניי שמאָלע סטעזקעס פון שטוב צום שטאַל, פון שטאַל צום ברונעם, טריט פון קינדער אין די חדרים. אַ וועג פאַר יידן אין שול און גאָר אַ שמאָ״ע סטעזקע — סימנים פון כשר־פיסלעך, אַ וועג פאַרן חזיר צום מיסט.

דאָס גאַנצע שטעטל פאַרמאָגט נישט קיין איין וואַרימען מלבוש. פאַר אַן עת־צרה, עס זאָל נישט טרעפן, אַז מען דאַרף חלילה שיקן אין שטאָט נאָך אַ דאָקטאָר, האָט גאָט פון

ששת־ימי־בראשית צוגעגרייט ביי לייזער־מיכל אַפּאָר שטיוול געבעט מיט הינטיש־פעל, און ביי הערש־לייבן אַ גרויסן שאָפּע־נעם פּעלץ.

אין די גוטע יאָרן, ווען די מסחרים זענען נאָך געגאַנגען, פלעגט מען אין שותפות צונויפקויפן ביי אַ פּריץ אַפּאָר הונ־דערט קערץ קאָרן. היינט זענען די מסחרים געענדיקט און אַלס זכרון פון יענע גוטע יאָרן זענען זיי פאַרבליבן שטעט אין מזרח, אַפּאָר שטיוול און אַ גרויסער שאָפּענער פּעלץ.

שטייט אַזוי אַ ייד, ווי לייזער־מיכל, אין אַ וואַטאָווע לייבל מיט אַ לאַנגע ליולקע אין מויל, אָפּגעגעסן פרישטיק — אַ שיסעלע קאַרטאָפל מיט אַביסל זויער־מילך פון דער לאַדעשקע און קוקט דורך דעם ריינעם שטיקל שויב אין גאַס אַרויס.

זעט ער אַ יידענע לויפן אין גאַס, וואַרט ער נישט ביז זי קומט צום שטוב. נעמט אַרויס די שטיוול פון אונטערן בעט און טראָגט איר אַנטקייגן. פרעגט, ווער איז הלילה איינגעפאַלן, ווינטשט אַ רפואה־שלמה און הייסט שנעל לויפן צו ר׳ הערש־לייבן נאָך דעם פוטער.

# אַ נסיון

(אַ בילד אין איין אַקט)

עס שפּילן: אַ הונט
אַ קאַץ
די דינסטמויד באַשע
אַ בעל-הביתטע
אַ געקוילעטע הון

צייט: אין מיטן טאָג
אָרט: אין קיך

(אַ ווייס־בלוי געקאַלכט צימער, אַ באַקאויוון מיט אַ פּריפּעטשיק, היני־טערן אויוון, אַ שלאָף־באַנק. אויף איין וואַנט צוויי גראַדקעס: אַ מילכיקע און אַ פלייִשיקע באַשטעלט מיט טעלער און באַהאָנגען מיט לעפל-גאָפּל-מעסער. אין דער צווייטער וואַנט אַ פענצטער, פון ביידע זייטן באַהאָנגען מיט ריין־אויסגע־שייערטע, קופּערנע כלים. צוויי קיך־בענקלעך: אַ פלייִשיקס און אַ מילכיקס — דאָס פלייִשיקע שטייט אין מיטן קיך, עטוואָס אָנגעבויגן, מיט אַפּאָר פיסלעך אויף אַ שייט האָלץ.—אויפן בענקל זאַלצט זיך אַ הון. קאָפּ, פיס, לעבערל, פופּיקל באַזונדער. — פאַרן בענקל אַ וויִיק-שעפעלע. אַ טיר צום גאַס און אַ טיר אין די צימערן אַריין. דער הונט אין מיטן צימער. די קאַץ אויפן פּריפּעטשיק.)

## ערשטע בילד

די דינסט (קלייבט זיך אויפֿקגיין, די פֿאַטשיילע אויפֿן קאָפּ, פֿאַרן טיר):

נאָר אויף איין מינוט. אויף אַ מינוטקעלע — עס זאָל אייך נאָר נישט אָנכאַפּן, חלילה, דער יצר-הרע צום פּופּיקל מיטן לעבערל — איך זאָל עס נישט האָבן צו שלעכטס אויסגערעדט, טפו!... טפו! טפו!.. איר זאָלט אַפילו אין יענעם גבול נישט קוקן, ווי עס וואָלט גאָר קיין הון נישט געווען אויפֿן בענקל. (צו דער קאַץ, דראָענדיק) ווי עס וואָלט דאָרט קיינמאָל קיין הון נישט געווען. (צום הונט ווייכער) ווי עס וואָלט דאָרט קיינמאָל נישט געווען קיין הון. (אָפּ).

## צווייטע בילד

(אַפּאָר מינוט זיצט מען שטיל, מ'קוקט אײנער צום אַנדערן און מ'שווייגט. דערנאָך האָט די קאַץ מיטן פּיסל אַ וויש געטון איבערן פּנים און פֿון אונטערן פּיסל געהאָרפֿן בגנבה אַ קוק צום בענקל.)

דער הונט:

שוועסטערקע, מ'קען אייך. דו האָסט שוין געוואָרפֿן אַ קוק. איך זאָל אַזוי האָבן אַלדאָס-גוטס, ווי דו האָסט געקוקט.

די קאַץ (באַליידיקט):

אַ משל, מאָל דיר, אַז עס איז מיר גאָרנישט איינגעפֿאַלן אַ קוק צו טון. און אויב יאָ, איז וואָס? פֿון אַ קוק קומט עפּעס אָפּ— עס קומט עפּעס אָפּ פֿון אַ קוק?

דער הונט:

אָפּקומען קומט גאָרנישט אָפּ. נאָר אַז באָשע גייט אַוועק און זאָגט אָן, אַז מ'זאָל נישט קוקן, דאַרף מען נישט קוקן.

די קאַץ:

מאַלע וואָס מ'זאָגט אָן. מ'זאָל זיך וועלן צו הערן צו אַלץ, וואָס מ'זאָגט אָן, וואָלטן מיר שיין אויסגעזען.

דער הונט:

איז וואָס, נעמט מען גאָר אַליין? הפקר-פּעטרושקע. און וואָס וועט זאָגן באָשע?

די קאַץ:
באַשע, אַ שפּאָס אַ צדקת! איידער דאָס עסן דערלעבט אַרויפ־קומען אויפן טיש, עסט זי אויף אַ העלפט — רק זי פאַרזוכט — עס זאָל איר אַרויפקומען אויפן געדאַנק אַ וואָרף צו טון עפּעס פאַר מיר. בין איך נישט קיין געטרייע קאַץ אין שטוב?

דער הונט:
איך מיש מיך נישט אין בעל־ביתישע ענינים. דו ביסט מער אין שטוב, ווייסטו אפשר מער. איך מיש מיך נישט צווישן בעלי־בתים.

די קאַץ:
עדשט יענע וואָך ווערט פלוצלינג נעלם אַ פּוטערקוכן. ווער האָט צוגענומען דעם פּוטערקוכן? (גייט אַדורך איבערן פּריפּעטשיק, מאַכט זיך זוכנדיק) באַשע, ווו איז דער פּוטערקוכן... דער פּוטער־קוכן זאָל מיר זיין... פּוטערקוכן!... צו וועמען לאָזט מען אויס דעם כעס — מן־הסתם צו מיר.

דער הונט (מיט מיטלייד):
ווער האָט געשלאָגן?

די קאַץ:
אַלע האָבן געשלאָגן. די בעל־הביתטע—מיטן פוס, דער בעל־הבית—מיט אַ שטעקן, וואָס זיין הענטל זעט אויס ווי אַ הינטי־שער קאָפּ מיט אַן אָפן מויל. באַשע מיט דער האַנט־שטשירקע. דערנאָך האָט מען מיר פאַרשפּאַרט אויף אַ גאַנצן טאָג אין שפּייכלער.

דער הונט (האָט פאַרשלונגען אַ פלוי, וואָס ער האָט געכאַפּט אויפן שפּיץ־עק, מיט מיטלייד):
אויף אַ גאַנצן טאָג.

די קאַץ:
וואָלט איך כאָטש דאָבן פאַרזוכט פון דעם קוכן, וואָלט עס מיר נישט אַזוי פאַרדראָסן. אָבער גלאַט אַזוי, פאַר וועמעס זינד!

דער הונט (מיט אַ געגעץ):
איין עוולה!

(אַ מינוט זיצט מען און מ׳קוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין. דערנאָך האָט די קאַץ גוט אויסגעוואַשן די אויגן, אַרומגעגלעט דאָס פּיסל און געכאַפּט אַ קוק צום בענקל.)

די קאַץ:

איך זיץ דאָ אַלץ און קלער — געווען אַ הון, אַ שיינע הון, אַ רויקע הון, אַ שטילע הון, איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטוב, געזונגען, געלייגט אייער, האָט מען גענומען און געשאָכטן אָן אַ דין, אָן אַ משפּט, צעשניטן דעם קאָפּ באַזונדער, פיס באַזונ-דער... ווו איז יושר? איך פרעג דיר, זאָלסט מיר געזונט זיין, ווו איז אַהינגעקומען דער יושר?...

דער הונט (באַלעקט זיך):

איך ווייס נישט, איך מיש מיך נישט צווישן די בעל־הביתשע ענינים. נאָר מסתמא, אַז באַשע טוט, ווייסט זי, וואָס זי טוט.

די קאַץ:

באַשע, ווען עס זאָל זיין אין גאַנצן באַשעס דעה, וואָלט זי זיך באַגאַנגען אָן דער הון. זי האָט גלאַט נישט ליב קיין עוף. זעסטו, אַביסל פּאָדסמעטאַנקע, אַ פּוטערקוכן, אַ דאָס, אַ יענץ,— דאָס איז דאָך אַלץ פאַר דער בעל-הביתטע. די גאַנצע וועלט הינער וואָלט זי אויסגעשאָכטן...

דער הונט:

גלייב מיר, אַז איך פאַרגין איר נישט. דאָס איז אַ גיפטיקע יידענע. שוין באַלד אַ יאָר, אַז זי האָט מיר געגעבן מיט דעם פוס אונטער דער ליאַשקע און עד־היום, אַז עס קומט אַ רעגן רופט זיך אָפּ דער ווייטיק.

(גייט אַדורך איבערן קיך צו ווייזן ווי ער הינקט און זעצט זיך צוריק.)

די קאַץ (פאַרוווּנדערט):

פּיסס! זעסטו און איך האָב גאָרנישט געוווּסט... (אין פריערדיקן טאָן) אַלץ צוליב דער בעל-הביתטע און דו האָסט געמיינט, אַז פאַר באַשן. אַוודאי צוליב דער בעל-הביתטע. באַשע האָט גאָר-נישט ליב קיין עוף... (פויזע) אינטערעסאַנט, אַזוי גלאַט אין דער

וועלט אריין... וואָס שמעקט דיר בעסער אַ שטיקל רינדנפלייש, צי אַ שטיקל עוף? (כאַפּט אַ קוק צום בענקל און באַלעקט זיך.)

**דער הונט:**

עב וועגדט זיך ווי אַזוי: אויב געקאָכטע, איז רינדערנפלייש אויך נישט שלעכט. (כאַפּט אַ קוק צום בענקל און גיט אַכטונג, צי די קאַץ באַמערקט נישט.)

**די קאַץ:**

מיין נאַטור... און וואָס האָסטו ליבער אין עוף,— ביילקע, צי פּאָלקע?... (קוקט צום בענקל)

**דער הונט** (ווי פאַרשעמט):

ווייס איך וואָס. איך האָב קיינמאָל וועגן דעם נישט געקלערט... מ׳עסט, וואָס עס איז דאָ.

**די קאַץ:**

לעבן זאָלסטו. פּונקט ווי איך. איך האָב אויך נישט ליב איבער-צוקלויבן. אָט וואָס עס איז דאָ, דאָס עסט מען. (אַ מינוט זיצט זי ווי פאַרקלערט) וואָס וואָלסטו געזאָגט, למשל, צו אַזאַ שטיקל עוף? האַ?

**דער הונט** (פאַרצוימט איר דעם וועג):

אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן פון אַזאַ געדאַנק. באַשע וועט דאָך וועלטן איינלייגן.

**די קאַץ:**

ער ווידער מיט זיין באַשען. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז באַשע קען נישט קוקן אויף קיין עוף... און וואָס איז ווערט, אַז די „גראָבע שטיק״ וועט האָבן אַ צופוקעניש...

**דער הונט** (מיט ישוב-הדעת):

איז מיינסטו, אַז באַשע וועט זיך נישט בייזערן?

(די קאַץ הערט נישט ביזן סוף, אַ שפרונג פון פריפעטשיק צום בענקל, אַראָפּגעכאַפּט די הון און אַוועק מיט איר אונטער דער שלאָפבאַנק. דער הונט נאָך איר. אין טיר באַווייזט זיך באַשע)

## דריטע בילד

באַשע (מיט ביידע הענט ביים קאָפּ):
ווײ איז מיר! אַ דונער האָט מיר געטראָפן! דער שלאַק האָט מיר אָנגעטראָגן אָוועקצוגיין און איבערלאָזן די שטוב ביי די גנבים, די פרעסער, די נאַשער!

(וויל מיט עפעס זיך צו שלאָגן. פון די צימערן ווייזט זיך די בעל-הביתטע.)

## פערטע בילד

די בעל־הביתטע (אַ בלאַסע, אַ צעשראָקענע):
אַ דונער האט מיר דערשלאָגן!...

פאָרהאַנג

תל-אביב 1914



# אינהאַלט

I

## נאָוועלן

II

## מיניאַטורן

דער דריטער באַנד פון

מ. סטאַװסקיס געזאַמלטע װערק

זעצט זיך און װעט הײסן:

# אַראַבישע לעגענדן.